צ׳יקאָוו קאַרל.

# אוריאל אַקאָסטאַ

טראַגעדיע אין 5 אַקטן

יידיש: י. לערנער



הויפּט-פאַרקויף אין בוכהאַנדלונג
ש. גאָלדפאַרב, וואַרשע דזיקע. 31

# די פערזאנען:

מנשה וואנ=דער=סטראטען, א רייכער אמשטרדמ'ער סוחר.

יהודית, זיין טאכטער.

בן יוחאי, איהר חתן.

דע=סילווא, דאקטאר, איהר פעטער.

בן עקיבה, א רב.

אוריאל אקאסטא.

אסתר, זיין מוטער.

ראובן ) זיינע ברידער.
יואל )

דע=סאנטאס )
וואן=דער=עמדן ) רבנים.

בעדיענטער, געסט, פאלק.

די געשיכטע האט זיך געטראפען אין אמשטרדם אינ'ם יאהר 1640.

# ערשטער אקט.

(אַ צימער בײַ דע-סילוואַ'ן)

## ערשטער אויפטריט.

(דע-סילוואַ און בן יוחאי)

**ד ע-ס י ל ו ואַ.** (קומט אַרײַן דורך אַ מיטען-טהיר מיט בן יוחאי, און לאָזט איהם פריהער דורך) אַזוי, איהר האָט שוין גאָר קײן צײַט ניט? נײן, אַזוי גיך געהט איהר פון מיר ניט אַוועק; איך האָב אויף זיך אַפילו אַביסעל לאַנג געלאָזט וואַרטען נאָר איהר דאַרפט אויף מיר קײן פּאַראיבעל ניט האָבען: איהר ווײסט דאָך, אַז אַ דאָקטאָר איז שטענדיג בײַ זײַנע חולים אין די הענד, נאָ? וואָס-זשע מאַכט איהר? זעהן מיר אײַך ווידער בײַ אונז? אָט האָט איהר פון מײַן זײַט אַ הײסען שלום-עליכם.

**ב ן י ו ח א י.** און איך דאַנק אײַך דערפאַר פונ'ם טיעפען האַרצען.

**ד ע-ס י ל ו ואַ.** אָבער ס'איז אײַך גאָר ניט צו דערקענען: דאַכט זיך אין גאַנצען צוויי יאָהר, אַז איהר זענט אַוועק געפאָהרען פון דאַנען, און שוין גאָר ניט דער. אויף דער זון, אין דער פרעמד, האָט איהר אַ וואַכס שענעם געטאָהן. אָט ערשט ניט לאַנג אויף דעם אײגענעם אָרט, האָב איך בײַם גע-

װעגען געקישט אַ רײנעם קלאָרען זאָרגלאָזען שטערן, פֿון אַ פֿרישׁ יונגען מאַנטשיקעל, און איצונד זעה איך גאָר פֿאַר מיר אַ געאַלטערטען, אַן-ערנסטען מענשען, אױף דעם אײגענעם שטערן זעה איך שױן אַ סלעד פֿון מחשבות, פֿון זאָרגען... זאָגט-זשע מיר, בן-יוחאי, װאָס איז דאָס אַזױנס? האָט איהר בײַם אַהײם קומען דאָס צװײטע פֿאַטערלאַנד געפֿונען װי אַ קאַלטע שטיפֿמוטער?

**בן-יוחאי.** פֿאַרקערט, איך האָב אונזער אַמשטערדם געפֿונען פּונקט װי איך האָב עס אָװעק געװאָרפֿען, עס הערשט אין איהם דער אײגענער פֿרײַער בירגערליכער גײַסט און נאָך אַלע צרות װאָס די שטאָדט האָט איבערגעליטען אונטערן יאָך פֿון שפּאַניען, האָט זי זיך אָבגעזוכט אַ נחמה אינ'ם גרױסען האַנדעל. און האָטש מע קאָכט און מע זידט אין אַלע איהרע גאַסען, האָטש זי מאַג שטאָלץ זײַן אױף דעם, װאָס זי ערװערבט אָהן אַ שום פֿרעמדער מיה פֿון דעסט װעגען קוקט זי מיט אַ ברידערליך געפֿיהל אױך אױף אונז, יודישע קינדער.

**דע-סילװא.** יאַ, פֿערשטעהט איהר מיך, דער מסחר האָט שטאַרק דרך ארץ פֿאַר דער מטבע, נאָ און אונזערע ברידערלעך װעגען דוקא קײן שלימזלניקעס ניט געװען, און האָבען שכל געהאַט צו בעהאַלטען די עטליכע גילדען פֿאַר די שפּאַניער, פֿאַר די רודפֿים... מען דאַרף פֿערשטעהן אַנ-גאַנץ און אַז איהר זאָלט נאָך װעלען אַ ביסעל טיפֿער די זאַך בעטראַכטען, װאָלט איהר פֿערשטאַנען אַז דאָ קוקט מען אױף אונז אַנדערש איבער צװײ טעמים... נישט קשה, איהר קאָנט לאַכען, בן יוחאי. איך זעה מיר נאָך אַלײן מיט מײַן אַלטען נאָז. איך האָב ליעב אױף אַלעס געפֿינען אַ כלל, אַלעס ברענגען אין אַ סיסטעם.

בן-יוחאי. (דריקט איהם די האנד) אט דאס זאג איך אייך, איך געפין אין קיין זאך ניט קיין פער-
אנדערונג, אט זענט איהר אויך געבליבען דער איינער דע-
סילווא, דער גרויסער דאקטאר אונזערער, דער טיעפער חכם,
די קרוין פון אללע אונזערע לומדים דא, און אט האט איהר נאך
טאקי ניט, אונזער טהייערער לעהרער, אוועק געלעגט אייערע
אלטע דרכים, איבעראלל כללים און סיסטעמע צו זוכען, ווי סע
שטעהט אן א פראפעסאר.

דע-סילווא. און אז וואהל איז דעם, וואס האלט זיך אן א סיסטעם, איך וויים אז אריסטוטלס האט
דאס שוין לאנג געזאגט, וועדליג ער מיינט...

בן-יוחאי. איהר האט דאך אנגעהויבען דעם שמועס פון יודען.

דע-סילווא. יא, יא, איך מיין טאקי אז ס'איז דא צוויי טעמים, וואס אין האללאנד קוקט מען אויף
אונז בעסער, און מען טרייבט אונז ניט ווי אין אנדערע לאנ-
דער ביים רהיין, ביי דער דאנוי, אין שפאניען. ערשטענס, מוז
דאס היעגע פאלק, וואס שאפפט זיין רעליגיאן פון דער ערשטער
קוועלע, פון אונזער הייליגער תורה, אביסעל דרך ארץ האבען
פאר אונזערע ברידער, וועלכע זענען נאך גאר אין די אלטע
פינסטערע צייטען פון נאטצענדיגער געוואהר געווארען פון
א בורא עולם, א יחיד ומיוחד. זיי מוזען כבוד לעגען אויף אונז.
וואס זייער ערלעזער שטאמט ארוים פון אונזער פאלק; צווייטענס
שטעהט פאר אונז ווי א מלאך מגין דאס אייגענע בלוט, וואס
האט פון האללאנד געמאכט א יונגעם פרייעם לאנד. ואתם ידעתם
את נפש הגר! דאס פאלק וואס האט אליין איבער געטראגען
עבדות, וועט ניט בערויבען דורות אנדערע מענשען, איבער
נארישע בלינדע פאראורטהיילע. האללאנד האט זיך פון קעטטען

געמאכט שווערדען, און װעט ניט פערבייטען די אייגענע שוועי־דען, וואס זענען שוין בעדעקט געװארען מיט כבוד, אויף קייטען פאר אומגליקליכע פערטריבענע יודען. אט דאס זענען מיינע טעמים... איך פערשטעה, אז אין אויסלאנד האט מען איך געמוזט מקנא זיין, וואס איהר פאהרט אהיים.

בן־יוחאי. יא. איך האב מיך אליין געפיהלט גליקליך בײם צוריקפאהרען. מיט א פרעהליך הערץ, פאל מיט האפנונג, האב איך מיך אראבגעלאזט פון די הויכע פרעמדע בערג, און וואס נאהענטער צו דער הײם... האב איך אליין מעהר...

דע־סילווא. (שלאגט איבער) געטראכט פון דער שמחה וואס איהר וועט דא טרעפען, בײ'ס צוריק קומען. אייך האט זיך שוין אויסגעוויזען, ווי יהודית לויפט אייך אקעגען, ווי זי פאלט אייך אויפ'ן האלז, ווי א הערצענספריינד, א חתן. א יא, איך האב געטראפען? נא, איהר זענט דאך שוין מן הסתם געװען בײ מנשה'ן, איהר האט זיך שוין געזעהען?

בן־יוחאי. (זיפצט) ערלויבט מיר זיך אביסעל אנידערזעצען.

דע־סילווא. וואס איז אייך, מיין פריינד? איך זעה איהר זענט עפיס ניט מיט אלעמען, עפיס דריקט אייך אייער הערץ; זאגט, וואס איז דארט געשעהען?

בן־יוחאי. דריי טאג האב איך פערבראכט בײ איהם; מנשה האט מיך אויפגענומען מיט זיין געוועהנליכער פריינדשאפט און ליעבליכקייט.

דע־סילווא. נא, און יהודית? זי האט זיך דאך בוודאי געדארפט פרייען, זי איז דאך נאך פונם וויעגעל אייך פאר א כלה בעשטימט געווארען. זי איז דאך אייער ליעבע,

מייער קאניגין, דיא גלידט באמת ווי א בלומע, איך וואָלט עס גלייך נחמא, האטש איך בין א פעטער.

בן-יוחאי. יא, פונם ווינעל, וואָס איהר, איז די שוין מיין כלה געוועזן שווער, וועהר שווער איז מיר.

דע-סילווא. אויף מיין הערץ... מיר דאכט זיך, אונזער יהודית... איז גיט מעהר דאס...

דע-סילווא. וואס רעדט איהר?

בן-יוחאי. אין עטליכע ווערטער וועל איך אייך אלדינג דערצאהלען: ביי מנשהן, פערשטעהט איהר, האב איך געפונען די היסטע ליעבע, ווי ביי א טאטען, ער האט מיר זעהר פיל דערצאהלט פון יהודית'ס געטריישאפט. נאר נאך מעהר האט ער גערעדט וועגען זיינע טהייערע געביידען, וועגען די שאנע פאלאצען, וועגען די מארמאר-שטיינערנע בילדער, וואס מען מאכט אונמיסטען פון זיינעט וועגען אין רומא אונ אין פלארענץ — איהר ווייסט דאך וואהל, ווי אזוי מנשה האט ליעב די אלטע אנטיקען, אז פאר אן-ארבייט פון די בעריהמטע מאלער רובענס אונ וואן-דיק, איז ער גרייט צו בעצאהלען גרויעס געלד.

דע-סילווא. א, ניט איין מאהל בעקומט ער פאר זיין געלד איין אבגעריבען שטיקעל מעש.

בן-יוחאי. איהר זאגט עס...

דע-סילווא. ניין, איך מיין נאר אז עס וואלט איהם ניט געשאדט, אין דער אייגענער מילדער האנד אפטערס א וואנשאל האלטען... איך האב פון זיין שאטטען גאר קיין נחת ניט.

בן-יוחאי. אונ אויף דער בארזע, מיינט איהר, סוחרים האבען הנאה דער פון? [illegible] ביי מיר וואלטען שוין אללע זיינע המצאות אנגעלעגט געוועזן, ווען צווישען אללע שאנהייטען וואללט איך מיין נאמען אויף איהר ארט געפינען.

פֿערבּרענט פֿון ליעבּע, פֿערמוטשעט פֿון בּאַנקען, האָבּ איך אין אַללע קטעזשקעליך פֿון דעם שאָנעם גאָרטען יהודית'ן געזוכט, און נאָך שווערע לאַנגע צוויי יאָהר האָבּ איך זי געפֿונען, נאָר ניט אַליין... (ער שטעהט אויף) געבּען איהר אין בּעסיעדקע איז געזעסען אַן־אונבּעקאַנטער מאַנן, און אויפֿן טיש פֿאַר זיי איז געלעגען אַ בּוך... פּאַמעלעך האָבּ איך מיך געלאָזט צוגעהן צו זיי, און נאָך פֿון דער ווייטענס האָט אויף מיר יהודית אַ שטרענגען קוק געטוהן, אַזוי ווי איינער רעדט: „ווי ערלויבּסטו דיר, דו פֿרעמדער, צו בּעטרעטען די שוועל פֿון מיין טעמפּעל?“. איך בּין אָבּער נאָהנטער צוגעגאַנגען, און יהודית האָט דערקענט ווער דער פֿרעמדער איז, האָט זי מיר מיט אַלינגערישער מינע אויפֿן פּנים, מיט אַ געמאַכט הערץ, קוים איהר אייז־קאַלטע האַנד געגעבּען. מיינע ליפּפּען האָבּען זיך ניט גערירט, נאָר אין מיין שווייגען האָט יהודית אָט אַ פּנים זעהר גרינג געקאַנט איבּערלייענען די שאלה: „ווער איז דער נייער חבר דיינער?“ „דאָס איז מיין לעהרער“ האָט זי מיט שטאָלץ געאַנטוואָרט. און האָט זיך געווענדעט צו יענעם און געזאָגט: „דאָס איז מיין חתן“. ער האָט אַזוי ווי אַ ציטטער געטוהן, איז בּלייך געוואָרען, און אַוועקגעגאַנגען אַן אַ זייט... ערשט דעמאָלט האָבּ איך מיך דערמאָהנט צו פֿרעגען ווי אַזוי ער הייסט.

דע־סילווא. אוריאל אַקאָסטאַ איז זיין נאָמען.

בּן־יוחאי. אַוודאַי וואונדערט מיך ניט וואָס איהר קענט איהם, יעדער מענש בּיי מנשה'ן אין הויז, דאָס מינדסטע ווינקעלע דאָרטען, ווייסען מן הסתם, אַז יהודית איז שוין ניט דאָס וואָס פֿריהער...

דע־סילווא. וואָס איהר דערצעהלט מיר דאָ, בּן־יוחאי, איבּעררַאשט מיך שטאַרק, איך דענק אָבּער

אַז נאָר פֿונ'ם ערשטען קוק האָט איך אַזוי אַללעם אָבּגעשראָקען.

אין אמת אריין, גלויבט מיר, האט איהר א גרויסען טעות. איהר קאלט געגען אייך, וואס ווייזט זיך אייך אויס, בעווייזט נאך ניט, אז זי האט ליעב אקאסטאן. ווי אזוי דאס אלדינג האט געקאנט געשעהן, בין איך א לעבעדיגער עדות, און קאנן עס אייך זעהר לייכט ערקלערען: אין דער צייט, וואס איהר האט אין אויסלאנד פערבראכט, האט זיך דא זעהר פערברייטעט דער נאמען פון דעם יונגען דענקער, האטש פאר קיין פהילאזאף האלט איך איהם ניט; ער האט מעהר ניט נאר אגוטען קאפ. ווי אזוי ער שרייבט — דאס שאטין איך זעהר, וואס ער שרייבט — דאס האלט איך ניט פאר רעכט. — די שפראכע זיינע איז אזוי שאן, ריין פארטוגיעזיש. אז מען וואלט געקאנט שווארען, ער איז ערשט נאכטין פון דעם לאנד אוועק; די כלי איז, אוודאי גוט, וואס קומט אבער ארויס, אז ער איז גאר ווייט פון אונז, צו אונזער היילינער אמונה איז ער אין גאנצען קאלט, מע קאנן אפילו ניט זאגען, ער זאלל פיינד האבען זיינע ברידער; מע זעהט אבער ארויס, אז ער איז גאר ווייט פון אונז, אז ער איז זיך גאר מתרחק פון יודישקייט. א האלבער יוד, א האלבער כריסט, פליהט איהם דער קאפ ארום אין פוסטע חלומות; ער זוכט מיט זיינע ספקות און פארשונגען, מחלל צו זיין דעם מזבח פון אונזער רעליגיאן. דער ווייל האט ער זיך געמאכט א נ-איינגאנג, צו אונזער מנשה'ן אין הויז אריין, און ס'איז איהם געראטהען יהודית'ן אין זיין נעץ אריינצוארען. דאס איז אבער גלויבט מיר, ניט קיין נעץ פון ליעבע, דאס האט ער נאר מיט זיין שכל אויף איהר יונג מוחל געווירקט, און זי מיינט אין אמת, אז זי איז קליגער, בעסער און עהרליכער פון דער גאנצער וועלט, און מאג מיט גאוה אראבקוקען אויף אונז קליינע מענשעלעך, נאר איהר מאגט זי נעהמען אזוי ווי זי גיט זיך אב אייך אין די האנד אריין, און אז זי וועט נאר זיין אייערע, וועט זי נאר א נ-אנדער מענש ווערען.

בן-יוחאי. ביי פרויען איז דאס געפיהל פון ליעבע און פון

שאטצען יענעם — כמעט נאר איינם : װאס האבער זיי שטעללען א מענשען, מעהר האבען זיי איהם טאקי ליעב. איך װיעדער וויל בשום אופן קיינעם זיך ניט שטעללען אין וועג; נעהט זשע, רופט בעסער צונויף די גאנצע משפחה, אונ שטעללט זיי פאר אקאסטאַ'ן פאר א נייעם קרוב.

דע-סילווא. וואס רעדט איהר, בן יוחאי?

בן-יוחאי. פערקעהרט, איך לאז איהם אייך צו פונ'ם גאנצען הארצען.

דע-סילווא. וואס רעדט איהר? איך זאל נאך מיין שונא...

בן-יוחאי. אייער שונא?

דע-סילווא. מיינע שונאים ווינש איך קיין מאל ניט קיין שלעכטס; פערקעהרט, איך פערגין זיי אפט גוטס, נאר איך אליין זאלל מיין שונא גליקליך מאכען, אונ איהם נאך אין דער משפחה ארייננעהמען?—ניין, דאס קאנן איך ניט; אט ערשט די טאג איז אויף דער וועלט ארויס אקאסטא'ס א נייא ספר: ער וויל דארט מיט איבערשפיצליך סותר זיין דאס, וואס איך האב שוין לאנג געשריעבען; א תלמיד ערלויבט זיך אזוי ווייט ארויסצושפרינגען געגען א רבי'ן... מיט דעם ספר איז ער אבגעריסען געווארען פון זיין פאלק, פון זיין אמונה אונ אויך פון מיר!

בן-יוחאי. אויב אזוי, לאמיר זשע אין איינעם ארבייטען,

דע-סילווא! יהודית'ן האב איך זעהר ליעב, אונ טאקי איצט פיהל איך עס מעהר ווי שטאנדיג; נאר דעם וואלקען, וואס האט זיך אויף מיין הימעל ארויפגעהאפט, מוז מען זעהן פערטרייבען. ס'איז מיר אבער איבער דער טבע, אליין בײ איהר דאס אויסצובעטלען ווי א נדבה; מהכי תיתא, ווילט איהר פאר מיר א גוט ווארט זאגען, איז ביי מיר אוודאי אנגעלעגט.

דע-סילווא. וואס האט איהר נאך צו קלארען! איך וועל נאך היינט אויף דער נאכט דער פון רעדען.

מיר װעלען אונז אללע קרובים צונויפקומען אין דער גרויסער שול, מען גיט דאך היינט איין א ריינינקייט. איהר װעט דאך מן הסתם אויך זיין ביי דער שמחה... (א דיענער נעהט אריין) װאס איז דארט?

דיענער. איינער פון אייערע תלמידים. איך קען איהם אויפן פנים און װייס — איהר האט איהם גערן, װייל איך א פאאר װערטער זאגען, האב איך איהם אריין געבעטען.

---

## צװייטער אויפטריט.

(דיא פאריגע אונ אוריאל)

בן-יוחאי: (אן א זייט) ער דא!

דע-סילװא. אוריאל!

אוריאל. איך האב אייך איבער געשלאגען, דע-סילװא!

דע-סילװא אויב איהר זענט צו מיר געקומען װי צו א דאקטאר, זענט איהר ביי מיר א גאסט; דעם דאקטאר'ס טהיר מוז פארן שונא אויך אפען זיין.

אוריאל. א שונא? צו מיין רבין בין איך געקומען, געזעגענען װיל איך מיך מיט איהם.

בן-יוחאי. (אן א זייט) זיך געזעגענען נאר!

דע-סילװא. איהר זענט בעקענט?

אוריאל. יא.

בן-יוחאי. עס װאונדערט מיך שטארק, איהר זאגט דאבט זיך, איהר פאהרט אװעק?

אוריאל. מארגען פאר טאג פאהר איך אהין, פון װאנען איהר קומט נאר װאס אן, איך װיל קענען די װעלט, זעהען װי מענשען װאהנען אין אנדערע לאנדער. גאר

עהדער איך פאר אוועק וויל איך מיך געזעגענען, מיט אללע וואס איך האב ליעב, אונ גיב אייך, דע-סילווא, מיין האנד.

דע-סילווא. (נעהמט ניט די האנד) די האנד וואס וויל צושטערן מיין מיה, וואס וויל ארויסווארפען מיין יאהרענ-לאנגע ארבייט דורכן פענסטער, ווי אן-אלטע אונניטציגע מיקסטור — די האנד איז ניט פאר מיר!

אוריאל. איך האב אייך שוין געזאגט, דע-סילווא, אז איך בין צו אייך געקומען ניט ווי צו קיין דאקטאר, נאר ווי צו איין דענקער. אונ ווען מיין שכל איז קראנק, ווייסט איהר זעהר גוט אז קיינער קאנן אין אזעלכע פאללע דעם מענשען ניט העלפען נאר ער אליין.

דע-סילווא. ביי מיר זענט איהר אויפגעוואכסען. וואס הייסט אזוינס דענקען האב איך אייך דער ערשטער געוויזען, אונ איצט ווילט איהר מיינע רעד אין אייער ספר מבטל זיין...

אוריאל. שטארק וואונדערן מיך אייערע ווערטער, דע-סילווא. קאנן מען דענן אימעצען אויסלערנען דענקען? איז דענן דא רביים אונ תלמידים אין דער הויכער הימלישער וועלט, וואו יעדער געדאנק אונזערער ווערדט נאר ביי אונז אין בלוט געבארען? איך האב אנגעצונדען דאס גרויסע הבדלה-ליכט פאר אונזער פאלק, כדי ווי זאללען קענען אונטער-שיידען דעם חילוק צווישען אמת אונ שקר, זיי זאללען גוט בעטראכ-טען דאס אלטע געביידע, וואס שטעהט אויף א שוואכען פונדאמענט פון פערשימעלטע קבלות. איך מיין דווקא ניט, אז איך ווייז אן דעם רעכטען אמת, וואס אללע דארפען אויף איהם מודה זיין; א ניין, איך וויים נאר, אז מיין ניט וויסען הייסט מיר נאכפארשען, מיין בלינדקייט הייסט מיר שארפער קוקען, מיין טויבקייט הייסט מיר בעסער זיך צוהערען. נאר איך אליין דע-סילווא,

אונ גלויבען קאן די וועלט נור אין דעם וואס מיר אליין גלויבען.

דע-סילווא. עס וואלט שוין בעסער געווען, איהר זאלט צו
די כריסטען איבערגעהן.

אוריאל. דע-סילווא!

דע-סילווא. דעמאלט וואלט שוין אפשר דער אויבערשטער
מוחל געווען דעם יודען וואס טהוט זיין פאלק
אן אזוינע חרפות בושות. יא, אוריאל, אייער לעצט ספר האט אונז פיעל עגמת נפש געמאכט; אונזערע היליגע אמונה, האט פאלקאמען רעכט אויף ליעבע אונ כבוד. מיר האבען ערשט נאר וואס, נאך אללע רדיפות, אנגעהויבען א קאפ אויפצוהעבען. פריי אונזער נאטט דיענען, צום סוף ווילט איהר די זיסע פרייהייט דארויף בענוטצען, איהר זאלט אין איין אויגענבליק צושטארען, אהן רחמנות, דאס וואס מיר האבען טויזענדער יאהרען אבגעהיט ווי אנ-אויג אין קאפ. וואס האט אונז אין די גראססטע אומגליקען געשיצט ווי אנ-אייזערנע וואנד, ווי א פעסטער שטיין? ניין, דאס קאנגען מיר ניט דערלאזען! איך ווינינסטענס וואלט עס קיין מאל ניט געטהון, אונ ווען מיין שטאלצער שכל זאלל מיר פונפציג מאל טארען אין קאפ אריין אונ ווייזען אז עס איז אלט אונ פויל, וואלט איך, נאטט איז מיין עדות, טריי געבליעבען, אט דעם אלטען אונ פילען, אונ וואלט עס ניט אוועק געווארפען, פונקט ווי מיר זאגען אין גליק ניט אב דעם דיענער וואס האט אונז בעוויזען געטריישאפט אין דער שלעכטער צייט.

אוריאל. אט זעהט איהר וואס איך שאטץ אין אייך —
אייער הארץ, דע-סילווא! ביי אייך ווערדט אין
איין רגע, די ליעבע, די שנאה געבוירען. אויף אייך קאנן מען נאר קיין פאראיבעל ניט האבען. ווייל אללעם פעראנטווארט אייער שאן עדעל הארץ. ווי איך זעה האט איהר מיין ספר נאר דורכ-געבלאטטערט; ליינט זשע עס בעסער איבער, אונ גלויבט ניט אין דעם וואס פוסטע פיללער רעדען; מיר דארפט איהר דער ווייל קיין

שווא נים זיין. איך בין צו אייך געקומען מיט א גוטער כוונה, ניט אין חקירות זיך מיט אייך אריינצולאזען, ניט איבערשפארען אייער שכל, וואס איז פערזונקען אין פינסטערניש פונקט ווי די נאכט וואס ווערט זיך באלד אנהעבען. איך בין געקומען זאגען מיין לעצט פריינדליך ווארט אייערע גרויסע האר, זייט'שע מיר געזונד. איך פיהל אז מיר וועלען אונז שוין מעהר ניט זעהען.

**בן־יוחאי.** איך ערלויב מיר זיך אריינמישען אין געשפרעך. אפשר קאנן איך אייך מיט עפּים דיענען צו אייער פאהרען?

**אוריאל.** איך דאנק אייך הערצליך.

**בן־יוחאי.** ניין, אדרבה, זאגט מיר, טאמער פאהרט איהר קיין פאריז, וועל איך אייך געבען בריעפע צו זעהר גרויסע הייזער, אויך אין לאנדאן...

**אוריאל.** ניין, איך פאהר קיין דייטשלאנד. קיין היידעל־בערג, אויב איהר ווייסט, — דארט וועל איך מיר זוכען א פלאץ, וואו איך זאל קאנען ווענינגסטענס רוהיג רעדען מיט דעם וואסער פונ'ם טייך, מיט דעם גראז פון דער ערד, מיט די בלומען פונם פעלד, מיט די פאגעלעך פונ'ם וואלד.

**בן־יוחאי.** (אן א זייט) איך בין מיך גאר מתמיה!

**דע־סילווא.** נו, און יהודית לאזט אייך פאהרען?

**אוריאל.** יהודית? וואס איז דאס פאר א שאלה?

**דע־סילווא.** זי איז דאך אייער טרייעסטע שילערין, וועט זי דען קאנגען בלייבען אהן אייער הדרכה?

**אוריאל.** איצט דארף זי שוין אנ־אנדערע למוד. זי דארף שוין אריין אין שולע פונ'ם לעבען.

**דע־סילווא.** יא, דאס איז די בעסטע שולע פאר א פרוי. אט פרעגט אוריאל דעם קינפטיגען מאנן פון אייער שילערין, וועט ער אייך געוויס אויך דאס זעלבע זאגען.

אוריאל. ניין, בן-יוחאי, ניין! מיינט ניט אז נאר איך רייכקייט שטעקט די גאנצע חכמה, אונ דאס וועט פאר יהודית זיין די רעכטע שולע. צווישען אללע תענוגים וואס זי האט ביי איהר טאטען געזעהען, האט זי זיך אבגעזוכט דאס גאסטע גליק — קיין מאל קיין מאנגעל ניט פיהלען, זיך בעגניגען, זיין צופריעדען מיט זיך אליין, אונ דאס האב איך זי אויס געלערנט! (בעוועגט). נאר טאמיר ווילט איהר זי זעטצען אין דעם שאנסטען פאלאץ, זי ארומרינגלען מיט גאלד אונ זילבער, איהר אנטהון אללע תענוגים פון דער וועלט, — האט זי עס די ווערטה. זי איז פון דעם הימעל אויף דער וועלט אראבגעשיקט געווארען, זי האט אין זיך נאר ניט פון א בשר ודם, זי איז אן אוצר וואס גאט האט ביי אונז בעגראבען, זי איז אליבטינער מלאך, וואס עס חאט זיך איהם פערגלוסט אראב שפאצירען אויף דער ערד אונ זיך פערשטעללען פאר א זינדיגען מענשען... א, רידערט זיך צו איהר ניט צו מיט דער אייגענער האנד, וואס פארעט זיך מיט א קערביל. בעטען, דאווענען, דארפט איהר פאר איהר, מיט מורא צו טרעטען צו איהר... א, גיך מוז איך אוועק פון דאנען! קיין שום זאך קאנן מיר ניט גרינגער מאכען דעם שרעקליכען געדאנק, אז זי בלייבט דא איבער ביי אייך, אין אייערע האנד... א, גיכער, אוועק... אונ אין גאטעס זאל מיר העלפען! (ער נעהט צו צו דער טהיר, וועלכע אפפנעט זיך, אונ עס קומען אריין צוויי שמשים מיט ליכט אין די האנד, אונ דער רב דע-סאנטעס).

---

## דריטער אויפטריט:

דע-סאנטעס. (אן א זייט) אקאסטא דא?

דע-סילווא. (אן א זייט) דער רב?

בן-יוחאי. (אן א זייט) וואס קאנן דא זיין!

**דע-סאנטעס.** זעהר גוט וואס איך האב דא אקאמאטא געטראפען, וועט ער אליין הערען, מיט וואס איהר קומט צו איך, דע-סילווא. מיר געהען איצט צו א עקדה — דאס נייע ריינקייט פריינגעהמען, נאר ערהער מיר געהען אנגעגעבען ביי'ם כבוד אונזער תורה, מוזען מיר זארגען מען זאלל איהר א לטען כבוד ניט מחלל זיין. דאריבער בין איך אהער געקומען, אינ'ם נאמען פון בית-דין, איך איבערגעבען אט דאס ספר. איהר זאללט עס גוט בעטראכטען, אונ זאגען צו האט דער מחבר חלק לעולם הבא.

**דע-סילווא.** מיטן גראסטען פערגניגען געהם איך אן דאס עליהות פונ'ם בית-דין.

**דע-סאנטעס.** גאנצע וואך גיבען מיר אייך צייט, אונ פון אייער חות דעת וועלען מיר פערשטעהן, צו קאנן דער מחבר בלייבען צווישען אונז, אדער זיין נאמען דארף ווערען אויסגעמעקט פון יודען. (ער גיט איבער דאס ספר דע-סילוואן, וועלכער נעהמט עס מיט שרעק).

**אוריאל.** נא, וואס ציטערט איהר אזוי, דע-סילווא? ניכער מאכט אב דעם פסק, איהר זעהט דען ניט, אז די היינטיגע רבנים ווילען אפילו מיין נשמה עוקר מן השורש זיין?

**דע-סילווא.** (גערידהרט) יא, אוריאל, צום אומגליק איז דאס אייער המזל...

**דע-סאנטעס.** אין אייערע געצאהלטע ווערטער, דערקען איך עפיס אזוי ווי א שטיקעל רחמנות, דע-סילווא; איהר דארפט אבער ניט פערגעסען, אז נאר דאס ספר קעהרט זיך מיט אייך אן, ניט דער מחבר.

**דע-סילווא.** איהר מאנט זיין זיכער, ערווירדיגער רבי, אז איך וועל מיין זאך טהון בשלימות, ווען מיין

הארץ איז געפרעסט, ווען מיינע רעד ציטטערן, איז דאס ניט רעד פאר וואס איך בין א נוגע בדבר חלילה! ס'איז מיר נאר שווער זיך צו ענטשליעססען מיין משפט ארויס צו געבען. שווער איז דעם מענשען, אז גאטט מאכט איהם אלליין איבער זיך פאר א בעל הבית, אז פון זיין איינענעם וויללען איז אבהאנגיג גליקליך אבצו-לעבען די יאהרען, אדער פערשווארצט ווערען דאס גאנצע לעבען; נאך טויזענד מאל שווערער איז אבער צו ווערען א שר ושופט איבער אנ-אנדערן . . . איך גלויב אבער אין השגחה פרטית, מיין פאלק ווענדעט זיך צו מיר, אונ וויל וויסען מיין מיינונג. מוז איך זי פריי ארויסזאגען, אונ וועל דאס ספר גוט בעטראכטען פון אללע זייטען, על פי תורה אונ על פי תלמוד. קומט, רבי אין שול אריין!

(אללע געהן אוועק, אויססער בן יוחאי אונ אוריאל)

**בן-יוחאי.** וואס הארט דאס אייך, אקאסטא, איהר דארפט זיך גאר דערפאר ניט שרעקען. אז איהר האט שוין בדעה צו פאהרען, מאגען זיי שוין זאגען וואס זיי וויללען. פאהרט געזונד אונ האט אגוטען וועג. (ער געהט אוועק).

**אוריאל.** (אליין) דו מיינסט אז איצט, ווייל דו דארפסט עס האבען, וועל איך אוועק פאהרען? דו מיינסט אז ווען איך האב געוואלט, מיר אונ יהודית'ן צוליעב, אבטרעטען פון דער מלחמה פונ'ם הערץ, וועל איך אויך אזוי ענטלויפען פון דער מלחמה פונ'ם פערשטאנד? א, ניין, בן יוחאי, האסט אגרויסען טעות! דער וואס איז געוואהנט צו קאמפפען פאר אמת, דער וועט ניט לאזען טרעטען מיט די פיס זיין גאלדענע קרוין. איצט ענטלויפען? ניין! איך בלייב דא, מיין הערץ זאלל מיר אפילו צושפרונגען ווערען אויף טויזענד שטיקער!

(ער בלייבט שטעהן פארטראכט, ביי די פענסטער זעהט מען געהן א פראצעסיאן מיט דער תורה, בענגאלישעם פייער בעלייכטעט די ביהנע, דער פארהאנג פאללט).

# צווייטער אקט.

(א גארטען ביי מנשה'ן. צווישען די בוימער שטעהען פיגורען. עטליכע טרעפלעך פיהרען אין הויז אריין).

---

## ערשטער אויפטריט.

מנשה און א דיענער

**מנשה:** (לייענט א פאפיער) ס'איז אונמעגליך, סע קאנן ניט זיין ער זאלל קומען... יא, דא אין צעטעל געפין איך די נאמען פון דע-פילווא, בן-יוחאי, דע-קאסטרא, וואן-דער-עמדן, דאס איז רעכט, אבער דער נאמען, ווי קומט אהער, דער נאמען?

**דער דיענער.** אייער טאכטער אליין, האט איהם צווישען די נאמען פערצייכענט.

**מנשה.** עס קאנן ניט זיין! זי ווייסט דען ניט, וואס מיט איהם טוהט זיך?

**דער דיענער.** אט געהט זי, קאנט איהר זי אליין פרעגען. (געהט אוועק).

---

## צווייטער אויפטריט.

מנשה און יהודית.

**יהודית:** נא, קום מיט א מאהל, טאטע, וואס איך זעה דיך, עפיס האסטו דיך היינט לאנגער געזוימט ווי תמיד, האטש וואלסט געמאנט אביסעלע פריהער פון זיך צוזאב טרעסען דעם שטויב פון דער אמשטערדאמער בערזע.

מנשה : וואס קומט מיר ארויס, אז אי דא, אי דארט געפין איך ניט קיין גרויסע תענוגים.

יהודית : איך פערשטעה דיך ניט. האב איך דען דא ניט אלדינג אנגעגרייט אזוי ווי דו ביסט געוואהנט? האב איך דען צום היינטיגען אבענד גוט איינגעלאדען דייגע שטאנדיגע גאסט?

מנשה. ווי אזוי האסטו געקאנגט אהער בעטען אקאסטאן?

יהודית. ער איז שוין דא אנאנצע וואך ניט געוועז

מנשה. האב איך דען דיר ניט געשריעבען פון דער שטאדט, אז היינט, מארגען איז ער אין תרם?

יהודית. אט טאקי דאריבער האב איך איהם געבעטען.

מנשה פונקט אין דער צייט, וואס אללע דארפען פון איהם ענטלויפען?

יהודית. טאקי דארום זוך איך איהם.

מנשה. איך האף אבער אז ער וועט ניט קומען: ער וועט פערשטעהן, אז ווען מיר זענען אזוי עדעל אונ פערשעמען איהם ניט, דארף ער זיין נאך עדלער, אונ ניט קוממען.

יהודית. שוין לאנג ביזטו, טאטע, אזוי פרום געווארען? גוטע יאהרען, חלעבען, אז ר' מנשה וואנדער־סטראטען, דער פריינד פון רובענס אונ וואן־דיק, איז געווארען א נ׳ עבד כנעני צו אונזער קהלה קדושה! (זי וויזט אויף די מארמער פיגורען) אט די טהייערע פיגורען, דאכט מיר, וואס דו פילהסט אין זיי א טעם גן עדן, קומען עפיס אויך אוים ניט גלאטליך נאך דעם יודישען דין, אונ אליהו הנביא זאלל אהערצו אריינקוממען, וואלט ער זיי אודאי געהייסען צוברעכען; נא גלויבט זיך מיר ניט, אז דו זאלסט זיך ניט פיהלען בכח, אנשטאטט צו זוכען א היתר

װעגען שטײנער און פארב, בעסער צו געשטעצען לעבעדיגע מענשען.

**מנשה.** דו װײסט גאנץ גוט, מײן טאכטער, אז שטאנדיג דענק איך און רעד פרײ. און אזױ קען מיך די גאנצע װעלט אז איך זוך תמיד דעם אמת, און פער־לײגען פאר קײנעם ניט, אז מײן רעליגיאן, איז די דאזיגע, װאס איז נאר געבױעט אויף דברי שלום ואמת, און די װערטער מאגען געהערען צו משה רבינו, סאקראטוס אדער צו קריסטוס – רעדען איך אללע זײ פאר גלײך הײליג. נאר דארטען, װאו עס װערדט א מחלוקת איבער אלטע נארישע זאכען, װאס האלטען זיך שױן פון לאנג אין פאלק, אין אזעלכע זאכען האב איך מיך פײנד ארײן צומישען, דארט האלט איך מיך אן דער הערשענדען רעליגיאן, און װיל אפילו ניט ברעכען דעם מינדעסטען מנהג.

**יהודית.** װי איך זעה, גיט איהר קינסטלער אב כבוד, און פאר דענקער ענטלויפט איהר װי פאר פײער.

**מנשה.** איך מוז דיר אויך זאגען, מײן קינד, אז מען האט מיר הײנט מגלה געװעזען, אז דו ביסט גאר דער גאנצער עיקר, װאס אקאסטא איז בײ מיר געװארען א בן־בית... צװײ זאכען היט איך װעהר אב: ערשטענס, שלום בית, מײן הײזליכעס גליק, מײנע צופריעדענהײט, מײן רוה, און צװײטענס דאס װאס די װעלט רופט „די אפפענטליכע מײנונג"; דא העלפט ניט קײן אויס־טענן זיך, איך בין גערעכט, דו ביסט גערעכט, אז די װעלט זאגט אזױ, מוז מען נאכקלאפען באם.

**יהודית.** הײסט עס, אז ליעב האבען קונסט און אמת איז נאך ניט אלץ אײנס?...

**מנשה.** װאס קאן מען מאכען, טאכטער? װעהר שטרעבט װעגען די פארדערונגען פון'ם לעבען, און מיר קאנען געגען זײ ניט געהען. דו ביסט שױן לאנג פאר קעסת פאר

בֶּן־יוֹחָאי, דַארְפְסְטוּ הַיינְט גֶעבֶּען אִיהם זִיטְצֶען, אַז דִי מִשְׁפָּחָה
וָועט זִיךְ צוּנָאוֹיפְקוּמֶען.

**יהודית.** אָבֶּער ... לִיעבֶּער פַאטֶער, דָאס וָועט דָאךְ נָאר
זַיין אַ רֵיינֶע קָאמֶאדְיֶע..

**מנשה.** אַזוֹי דַארְף עֶס זַיין.

**יהודית.** טַאטֶע, טַאטֶע!

**מנשה.** מַיין לִיעבֶּע יְהוּדִית, אִיךְ וֵויס גַאנְץ גוּט אַז
בֶּן־יוֹחָאי וֵוייזְט נִיט אוֹיס אִין דַיינֶע אוֹיגֶען וִוי
דֶער הִימְלִישֶער חָתָן פוּן שִׁיר הַשִּׁירִים מֶען קָאנֶן אָבֶּער גֶעגֶען דֶער
וֶועלְט נִיט גֶעהֶען. מֶענְשֶׁען דַארְפֶען אַייךְ זֶעהֶען שְׁטֶאנְדִיג אִינְאֵיינֶעם,
גְלִיקְלִיךְ אוּנ צוּפְרִיעדֶען, אַז דִי הֶערְצֶער אַייעֶרֶע, דִי קָאנֶען שׁוֹין
זַייעֶר רֶעכְנוּנְג שְׁטִיל אָבְּמַאכֶען.

**יהודית.** אָט אַ פָּנִים דוּ מֵיינְסְט אַז חֶשְׁבּוֹנוֹת פוּנ'ם הֶערְץ
אִיז אַזוֹי גְרִינְג אוּנְטֶער צוּפִירֶען וִוי פוּן מִסְחָרִים...

**מנשה** גֶענוּג, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אֵיינְמָאל גֶעזָאגְט, אַז
הַיינְט דַארְף זִיךְ אוֹיף אוּנְזֶער שִׂמְחָה אוּרִיאֵל
נִיט גֶעפִינֶען, אוּנ זָאג עֶס נָאךְ אַמָאל גַאנְץ עֶרְנְסְט; דוּ דַארְפְסְט
מִיךְ נִיט דֶערְבֶּאזֶערְן, יְהוּדִית, דוּ וֵוייסְט אַז אִיךְ הָאבּ פַיינְד מֶען
זָאלל מִיר דֶער וִוידֶערְרֶעדֶען, אָדֶער טְהוּן. (ער געהט אריין אין הויז).

---

## דְרִיטֶער אוֹיפְטְרִיט;

**יהודית.** (אלליין) מֶען זָאגְט מִיר אַלְץ פוּן אַ וֶועלְט, פוּן
אַ לֶעבֶּען, אוּנ אִיךְ קָאנֶן עֶס נִיט—נִיט מִיטְן שֵׂכֶל
פֶערְשְׁטֶעהֶען, נִיט מִיט מַיין הֶערְץ פִיהלֶען, אוֹי גֶערֶעכְטֶער גָאטְט!
וָואס פַאר אַגְרוֹיסֶע שַׁאנְד עֶס אִיז אָבְּנַארֶען יֶענֶעם: מִיטְן פָּנִים
שְׁפִּיעלֶען אַ לִיעבֶּע מִיט דֶעם וָואס מֶען הָאט אִיהם פַיינְד, אוּנ

גלומרשט בעווייזען שנאה אוויגעם וואס מען וואלט פאר איהם
דאס לעבען געשטרעקט. ער גערעט... איך האר איהם קומען...
ער אפפענט שוין אויף די טהיר... מיינע בלומען בעגריסען איהם..
זאלל איך איצט בלייבען די קאלטע טאכטער פונ'ם קאלטען
טאטען? וואס קאנן מיך אבהאלטען איך זאלל איהם מיט היטץ
צו פרעסען צו מיין ברוסט, אונ זאלל איהם ארויסזאגען ווי שטארק,
ווי זיס, ווי הייליג איך האב איהם ליעב... נאר ניין! מיין נשמה
איז נאך פארקאוועט, די קעטטען פון קליינמוטהיגער בושה ליעגען
אויף מיין הערץ. אט א פנים אז מען וויל בעקומען א רעכט צו
צושטארען די אייזערנע וואנד, וואס טהיילט אב די אויגען פון
דעם הערצען, דעם קוק פון די ליפפען — מוז מען זיך ענטשליסען
אפפענטליך אויפצוטרעטען לפני קהל ועדה... איך בין נאך ניט
געפרובט געווארען, באריבער בין איך אזוי שלאבעריג!

---

## פירטער אויפטרים.

### אוריאל אונ יהודית

**אוריאל.** נאר וויל איהר האט עס געוואלט, מיין פריינד, בין איך געקומען. איך האף אבער, איך וועל דא קיין פרעמדע מענשען ניט געפינען.

**יהודית.** איהר זענט געקומען וויל עס איז מיין וויללען געוועזען? וואו זשע זענט איהר די גאנצע צייט געוועזען? האב איך דען געוואלט אז איהר זאלט דא ניט זיין? וואס האט מען דען דא די גאנצע וואך, אונטער אייערע אויגען, פון אייך זיך ניט אנדערצאהלט!

**אוריאל.** אודאי פון מיין ויכוח מיט די היעגע רבנים.

**יהודית.** וואס גערט מיך אן דער ויכוח, די רבנים!

האט דען נאר דאס מיר געקאנט אין קאפ אריין קריגען, אז איך
האב געהערט, אז איהר ווילט נאר אוועק פון היע? ניין, איהר
זאגט מיר נאר, אוריאל, איז דאס אמת אז איהר האט אונז געוואלט
לחלוטין אוועק טארפען?

**אוריאל.** בערוהיגט אייך, טהייערע יהודית, און ווארפט
אוועק אייערע זיסע ליעבליכע רעד. פערגעסט
ניט, איהר דארפט זיין דאס, וואס איך איז בעשעהרט: בן-יוחאי
דארף ווערען אייער מאן. מיר האבען שוין ניט איינמאל דערפון
גערעדט, מיר האבען שוין גענוג טרעהרען דערויף פערגאסען,
לאמיר זשע ניט אויפריהרען די אלטע וואונדען.

**יהודית** ניין, אוריאל, איך וויל ניט איהר זאלט מיך
לערנען די שאנע מעלה פון אנבויגען דעם קאפ.

**אוריאל.** יהודית!

**יהודית** אזוינע ווארטער האב איך פון מיין גרויסען
לעהרער ניט ערווארטעט.

**אוריאל.** פערגעססט ניט, יהודית, אז ביי אונזער פאלק,
שפיעלט די משפחה די גראסטע ראללע, אז
דער טאטע זאגט יא, מוזען די קינדער מרוצה זיין, איהם בלינד
פאלגען. אונזער יודיש לעבען, יהודית, איז א פינסטער געפאנגניס...

**יהודית.** אזוינע טרויעריגע געדאנקען, אוריאל, קאנגט
איהר נאר אויפוועקען דעמאלט ווען איהר
זענט אליין מיט אייער קאלטען טיעפען פערשטאנד; דא אבער,
אין דעם גארטען, וואו איהר האט מיר אריינגעבלאזען א פרישען
גייסט פון א וואונדער-שאן לעבען, דא טהארט איהר עס ניט דער-
מאהנען. מיר געפינען זיך איצט פונקט אויף דעם איינענעם ארט,
וואו יעדעס צווייגעלע, יעדעס בלימעלע דערמאהנט מיך אן אייער
לערנען, אין אייער פארשען. אהער פלעגט איהר מיר ברענגען
פערגרעסערונגס-גלאזער און האט מיך בעקאנט געמאכט מיט פיעל

טודות פון די בעשעפפענישען; ניט איינמאל האט איהר מיר בע-
וויעזען, אז דער גייסט מוז זיך די נאטור אונטערגעבען, ניט איינ-
מאל פלעגט איהר מיר וועיזען, ווי פיל כחות עס ליעגען בעהאלטען
גאר אין א פראסטען, קרעמען, אין א מינדסט גראזעל... נא, איז
דען מאגליך אז ביי אונז, מענשען, זאלל די נשמה גאר זיין וויסט,
כמעט ווי אויסגעשטארבען? (בעוועגט) גיין, אוריאל, ס'איז ניט
אזוי, עס קאנן ניט זיין אזוי! דו האסט מיר אנגעוויעזען דעם לייטער
צום הימעל, אונ פונקט דעמאלט, ווען איך דראפע מיך ארויף
אונ מיין נשמה פליעהט ארום אויבען אין דער געלייטערטער לופט
אונ שאפפט תענוג פון דעם קלארען ליכט פון אמת, ווילסטו
פלוצום דעם לייטער צו נעהמען? גיין, אוריאל, צוריק איז דער
וועג שווער, איך קאנן מיך שוין ניט פערמישען מיט דעם פאלק,
מיט דעם ערב רב!

**אוריאל.** יהודית, יהודית! מיט הייסע טהרערען שטעהט אויף יעדען בלאטטעלע פון דיינע בלומען אויפגעשריבען, וואס מיר זענען איינס פאר'ן אנדערען געוואָרען... נאר דאס דארף ניט זיין אונ וועט ניט זיין!... איך וואלט עס געהאלטען פאר אנמענשליך, ווען איך וואלט ניט דערשטיקט, נאר אהן א קראכטץ, אהן א זיפץ, דעם וועהטיק אין הערץ, אונ וואלט דיך צוגעפיהרט אהין, וואו צוויי וועגען צו שיידען זיך, אונ דארטען דיר געהייסען: אויסקלייבען אדער צו גרונד געהן. ווייסטו אין וואס פאר א סכנה איך בין? מיך ערווארטעט א שווערער משפט— א חרם! נא, אונ א פערשאלטענעם טהארסטו ניט ליעב האבען גיין, דו טהארסט עס ניט! אזא חרם, אמת, רעכען איך פאר א כבוד, נאר קיינעם וועל איך ניט ערלויבען דעם כבוד מיט מיר צו טהיילען.

**יהודית.** עס קאנן ניט זיין אז די בעסטע פונ'ם פאלק זאל טאקי דאס אייגענע פאלק פערפאלגען.

**אוריאל** עס קאנן ניט זיין. אונ עס איז פארט אזוי...
(ער נעהמט זי ביי דער האנד) מיין טהייערע יהודית, צום לעצטען מאל זאג איך דיר: זיי געזונד! (ער דער זעהט בן יוחאי) הא, בן־יוחאי איז אויך דא, אונ נאך אנדערע גאסט? וואס האסטו געמיינט דערמיט, יהודית? האסט געוויס געוואלט מיר א כבוד אנטהון, נאר איך האב מורא ס׳זאל פון דעם אונז ביידע..קיין ביזון ניט ארויסקומען...

---

## פינפטער אויפטריט.

**בן יוחאי, מנשה, דע־סילווא, גאסט**

**בן־יוחאי.** אזוי האט איהר זיך מיט אונז אויף־עביג געזעגענט? איך האב שוין געמיינט, אז איהר זענט שוין לאנג אין היידעלבערג אונ לערענט שוין די פאגעל פון די וואלדער דענקען.

**יהודית.** וואס האט ער זיך צו אײלען, אז דא זענען דא נאר מענשען אין די פעדערן וואס דארפען זיינע לעקציאנען האבען א סך נאטהיגער (זי געהט מיט אוריאלן נעארעמט אוועק. פון דער וויטענס הערט מען מוזיק).

**בן־יוחאי.** צום לעצטען מאל קוקסטו אויף מיר מיט אזא פעראכטונג. א, ווי זיס איז די נקמה וואס געהמט זיך אן פארן מענשען נאר אומגערעכט. אזוי אז ער פערשפארט נאר אליין צו צובלאזען דאס העלליש פייער (מנשה אונ דע־סילווא, ערשיינען אויף דער טעראסע).

**מנשה.** ניין, עס קאנן ניט זיין!

**דע־סילווא.** האט נאר געדולד, אביסעלע מעהר געדולד.

**מנשה** ס'איז אָבער אַ גרויס עזות, איך האָב אַזוי אַנגעזאָגט.

**דע-סילווא.** זייט זשע איצט ווענינער אין כעס און זערט בעסער אייער גאַסט אַבצוהיטען פון אַנ-אומ-כבוד. לעת עתה האָבען נאָך די דיינים קיין פסק ניט אַרויסגעגעבען.

**מנשה.** מע קאָנן אָבער לייטען די מיילער ניט פער-שטאָפּען. די וועלט קוקט ניט אויף קיין פסק: מע דאַרף נאָר האָבען פון וואָס צו רעדען (ער געהט אריין)

**בן-יוחאי.** איז מעגליך, דע-סילווא, איהר זאָלט אַזוי גיך האָבען אייערע מיינונג געאַנדערט?

**דע-סילווא.** פריהער פאַרן בית דין, דאַרף קיינער קיין משפט ניט אַרויסגעבען.

**בן-יוחאי.** וואָס הער איך? דאָס זאָגט איהר, וואָס צו-ערשט אַליין האָט מחרים געווען זיין כפר?

**דע-סילווא.** איך, זאָגט איהר, האָב מחרים געווען? האָב איך דען איימיצען אָפענטליך מיין מיינונג איבער דער זאַך אַרויסגעזאָגט?

**בן-יוחאי.** איך מוז אייך זאָגען, דע-סילווא, די גאַנצע שטאָדט ווייסט אַז איהר האָט דעם בית דין געזאָגט גאַנץ קורץ און שאַרף: אַקאָסטא איז ניט קיין יוד!

**דע-סילווא.** איך זעה, מען לעגט גלאַט פירושים אויף מיינע ווערטער... איהר האָט מיך ניט פער-שטאַנען, לאָמיר גאָר דער פון ניט רעדען.

**בן-יוחאי.** איט דאָס זאָג איך דאָך, אַז איהר שטעלט זיך נאָר איצט פאַר איהם אַרויס.

**דע-סילווא.** הערט אויף, מיין פריינד, צו רעדען נאַריש-קייטען. איהר ווייסט גאַנץ גוט אַז איהם

געשיטצען קאָנן איך ניט ; נאָר זאָגען מוז איך אייך, אַז איך האָב מיך נאָר איבערגעאַנגערשט, איך האָב איבערגעלעבט אַזעלכע געפֿיהלע בשעת איך האָב זיין ספר געלייענט...

**בן־יוחאי.** (אַן אַ זייט) שאָנע זאַכען מוז איך דאָ הערען.

**רע־סילוואַ.** אין אַ חדר מיוחד האָב איך מיך פֿערשלאָסען מיט זיין ספר, און טאָג ווי נאַכט בין איך איבער דעם געזעסען, און האָב יעדעס וואָרט דורך געזעהן בעשׂרה בדיקות. וואָס זשע מיינט איהר? וואָס מעהר איך האָב געלערנט, וואָס מעהר איך האָב מיך פֿערטיעפֿט אין זיינע ווערטער, איז מיר אַלץ געוואָרען גרינגער און זיסער אויפֿן הערץ איך האָב געפֿיהלט. אַז עס שטעהט פֿאַר מיר אַ גרויסער חכם און וויקעלט מיך מיט זיינע געדאַנקען אַרום ווי מיט כשוף. עטליכע מאָל האָב איך צו מיר אַליין געטראַכט: ניין, דו טאָרסט איהם ניט איבערגעבען דעם בית־דין, דאָס איז אַ תלמיד פֿון פּלאַטאָן, ער איז מעהר ניט נאָר אַ שוגג! איך האָב געזוכט בכל מאמצי כחי צופֿעראַנטוואָרטען אַלע זיינע קשיות מיט אונזער הייליגער תורה און תלמוד. איך האָב מיך געמוטשעט צו געפֿינען דאָרט עפּעס אַ סברא אויף זיינע דברים, נאָר אומזיסט איז געוועזען מיין מיה, און אַזוי ווי איך האָב געשוואָרען מיין פֿאָלק, אַז איך וועלל דאָס ספר איבערקוקען על פּי תורה און על פּי תלמוד. האָב איך געמוזט אונטערשרייבען אונטערן ספר אַז דער מחבר איז **ניט קיין יוד**.

**בן־יוחאי.** יאָ, דאָס ווייס איך! אַזאַ אויפֿשריפֿט קומט אָבער צוויי דייטיג אויס...

**רע־סילוואַ** חלילה, מיין אויפֿשריפֿט איז גאַנץ קלאָר. איך האָב נאָר דאָס אויפֿגעשריבען, וואָס עס איז נאָטהיג מען זאָל איהם מחרים זיין ווי אַ יודען, נאָר... עס איז אָבער אַ פֿראַגע צו איז ער אַ יוד? צו קאָנן נאָר אונזער חרם אויף איהם שולט זיין? צו האָבען מיר דאָס רעכט איהם צו פֿערטרייבען?

גין, איך רעכען אז ווען אקאסטא זאל זיך גאר אין קהילה'ש געבען. קאנען ער מיט רעכט זאגען, אז ער איז א כריסט.

בן־יוחאי. ווי אזוי קאנן דאס זיין, דע־סילווא?

דע־סילווא. עס קאנן זיין, און איהר קאנט יהודית'ן אויף עביג געווינען.

בן־יוחאי. וואס האר איך? אקאסטא איז גאר א כריסט?

דע־סילווא. יא, זיין פאטער נאך, אז ער האט געוואהנט אין קוענס איז איבערגעגאנגען צום כריסטענטהום, און האט ביי גייסטליכע זיינע קינדער ערצויגען. נאך דעם, אז זיי זענען אהער געקומען, זענען אללע ווידער געווארען יודען. צו האט אוריאל אויך נאך געטאהן דעם פאטער – דאס ווייסען מיר ניט, קאנן ער דאך, אז ער וויל גאר, הייסען כריסט.

בן־יוחאי. כריסט?... א, דאס דארף איהם אויף עביג אבשיידען פון יהודית'ן.

דע־סילווא. פערשטעהט זיך אזוי, און דאריבער דארפען מיר טאקי ביידע זעהען איהם אבצוגראטעוועען. איהר מוזט עס טהון אוים שנאה. חלילה, איך האלט דאס אייך ניט פאראומגוט, נא און איך... גאר לאמיר בעסער טראכטען וואס מען האט דא צו טהון. דער בית־דין ווייסט שוין אז אוריאל אקאסטא וועט היינט זיין ביי מנשה'ן, וועט דער רב געוויס אנקומען און וועט וועלען איהם דא טאקי אין חרם אריינלעגען; מילא איך וועל שטעהען פון דער ווייטענס, גאר איהר. אז עס וועט זיך גאר אנהעבען די גאנצע חתונה, זאללט איהר פריי אויפטרעטען, און שרייען אז אקאסטא איז א כריסט. דער מיט וועט איהר אייך אליין די בעסטע טובה טהון: יהודית וועט געוויס ניט, איהם צוליעב פון יודישקייט אבטרעטען, און איך קאנן מיך דא ניט אריינמישען. איך גלויב געוויס ניט אין די חקירות פון אוריאל'ן, איך האלט איהם

פאר שמארק אראבגעפירט, נאר פון דעסטוועגען וויל איך יוצא זיין פאר זיין כבוד התורה (ביידע געהן אוועק).

---

## זעקסטער אויפטריט:

מנשה און גאסט קומען ארויס פון איין זייט, אוריאל און יהודית — פון דער אנדערער, די מוזיק הארט אויף צו שפיעלען.

מנשה. ווער זאגט עס? דער רבי, דע-סאנטאס, איז געקומען?

אוריאל. דער רב מיט דער גאנצער כנופיא איז דא!

יהודית. נא, וואס איז דא אזוינס? וואס שרעקט איהר זיך? וואס איז דא פאר א רעש? אפילו די מוזיק האט אויפגעהערט.

אוריאל. אוי יהודית, נישט צום נוטען זענען זיי אהער געקומען! (מען הערט שופר בלאזען, אללע קוקען זיך אום צו דער טערראסע).

---

## זיבעטער אויפטריט.

די פאריגע, דעסאנטאס מיט פיער רבנים און נאך יודען בלייבען שטעהן אויף דער טעררא֑סע, פון דער וויטענס שטעהן אין א ווינקעל בן-יוחאי און דע-סילווא.

מנשה. שופר האר איך ביי מיר בלאזען, א קללה קומט אויף מיין שטילל געצעלט!

דע-סאנטאס. דאס קול פון דעם שופר בעווייזט אייך יודען! עס דערמאהנט אייך אויך אן עקדת יצחק, אז דער גרויסער, שטארקער גאט דארף נישט קיין קרבנות פון מענשען,

און ווילל נאר [illegible] דיינע קינדער זאללען זיין אבגעשיידעט פון שלעכטס,
דאריבער הייסט איך אייך, אחי בני ישראל, אוועק געהן אין א זייט.
און נאר דו, אקאסטא, דו איינער אלליין זאללסט דא בלייבען שטעהן!
(אללע נעהמען אוועק אויסער יהודית).

**דע-סאנטאס.** נא, און דו, מנשה'ס טאכטער, דיענסט דען ניט אונזער לעבעדיגען גאטט? (יהודית נעהמט פאמאליע אוועק).

**אוריאל.** (אן א זייט) זיא אויך! שטארק איז דער מאגנעט פונ'ם פינצטערן אונזינן! (צו דע-סאנטאס) צו מיינסטו ניט, רבי, אז דו שטעהסט אויפן בארג סיני אונ משה רבינו געט דיך זיך אנגעהמען זיין קריוודע? מיך צו משפטן ווער האט דיר געגעבען רעכט אונ מאכט?

**דע-סאנטאס.** אויב דו האסט אין זיך נאך א יודיש אדער, דארפסטו וויסען ווער: אונזער אללמאכטיגער גאטט!

**בן-יוחאי.** (נעהמט ארויס) זאגט מיר נאר וואס טהוט זיך דא? איהר ווילט אויף זיך, רבי, אן אומגליק געהמען? אמת, דא אין ניעדערלאנד איז אונז ערלויבט צו משפטן עפ"י דיני ישראל, אבער נאר א יודען. אויף אקאסטאן האבען מיר קיין רעכט ניט — ער איז א קריסט!

**אללע.** א קריסט.

**יהודית.** א, גאטט!

**בן-יוחאי.** אונ איהם ווילט איהר מחרים זיין? א קריסט ווילט איהר אין חרם אריינלעגען?

**יהודית.** (אן א זייט) זיין גליק איז מיין אומגליק!

**דע-סאנטאס.** אויב אוריאל אקאסטא איז א קריסט — שווייגען מיינע ליפפען. (ער העבט אויף די האנד) לאז גאטט בענשען אללע יודען, עס זאל ביי זיי תמיד זיין שלום ואמת.

**אוריאל!** ער זאגט עס! מיט וואס בעווייזט מען עס?

**בן־יוחאי.** אייער פאטער מיט דער גאנצער משפחה איז שוין לאנג אויס יוד געווארען, און ביז איצט ווייסט קיינער ניט, ווי אזוי איהר האט נאך א מאל אייער גלויבען געביטען... איהר, אוריאל אקאסטא, זענט א כריסט, און מיר, אייערע אונטערטהאניגסטע קנעכט, טוזען עס נאר פאר א גרויסען כבוד רעכענען, וואס איהר זענט צו אונז געקומען.

**מנשה.** קומט זשע ליעבע פריינד, וואשט אייך, וועלען מיר עפעס איבער חאפען, און אויך א יודיש ווארט אין מויל אריינגעהמען. האטש אקאסטא איז א כריסט, וועט ער אונז פון דעסטוועגען מוחל זיין, וואס מיר היטען אב אונזערע דינים...

**אוריאל.** אזוי גאר? א כריסט בין איך? איהר האט אויף מיר כלומר'שט רחמנות, און מאכט פון מיר א געלעכטער! הערט זשע, יודען, וואס איך וויל אייך דערצעהלען! נאך א קינד בין איך געוועזען, אז מען האט מיך פליצום געטויפט; ניט קיין גייסטליכער האט מיך אריינגענומען אין בונד פון דער כריסטליכער רעליגיאן, ניט געלד און כבוד האבען מיינע פאטער און מוטער, שוועסטער און ברידער דערצו געבראכט. אונזערע טויפפאטער זענען געוועזען די תליינים, די קנעכט פון דער היילינער אינקוויזיציע. זיעבען יאהר בין איך אלט געוועזען, אז מען האט מיך דאס ערשטע מאהל מיט געוואלד אוועק געטריעבען אין א כריסטליכע שולע, און איך האב געמוזט געהען, ווייל מיין פינשטערער וועג איז געוועזען בעלייכטעט מיט א העללישׁ פייער, וואס מען האט געברענט די ביינער פון עקשנים. א נעביגער פחד איז אויף אונז געלעגען, און אויב מורא איז די קוועללע פון רעליגיאן, קאנן קיינער אויף אונז ניט זאגען אז מיר זענען קיין כריסטען ניט. דערווייל איז די צייט אויך ניט געשטאנען, איך ווייס ניט אויב אויס

געוואוינהייט, אדער דורך אנדערע סבות, נאר מיין פערשטאנד האט אנגעהויבען אביסעל ליכטיגער ווערען, און איך מוז אפפען מודה זיין, אז דאס וואס איך דענק איצט און פיהל, האב איך מיין נייער רעליגיאן צו פערדאנקען. איך האב פאר זיך דערזעהען א נ׳אפפענעם וועג פון פרייער ענטוויקעלונג. איך האב דער שמעקט וואס הייססען אמת׳ע געפיהלע און ניט קיין געפענטעטע געדאנקען. איך בין געוואהר געווארען, אז ס׳איז דא א פרייער מענש אויף דער וועלט, איך האב אנגעהויבען ליעב האבען אללדינג. וואס אללע האבען ליעב, פיינד האבען דאס וואס אללע האבען פיינד. זיך אינטערעססירען דערמיט וואס איז פאר אללע גלייך וויכטיג. איך האב מיך געפיהלט פאללקאממען א פארטוגעזע, איך האב בע־קוממען א פאטערלאנד, א רעכט אויף צו לעבען ווי א מענש — איך האב אללדינג געהאט... נאר מיט דער צייט איז מיין משפחה אוועק קיין ניעדערלאנד, זיי האבען דארט געפונגען פרייהייט און סבלנות, און האבען זיך ענטשלאססען ווידער צוריק צוקעהרן צו זייער פאלק, און אזוי זענען זיי ווייטער געווארען יודען. איצט וועט איהר מיך פרעגען, צו האב איך אויך דאס אייגענע געטהון? אויף דעם וועל איך אייך גאנץ אפפען אנטווערן. איך וואלט מיך מיט גרויס פערגניגען געהאלטען אן דעם אחרי רבים להטות, איך וואלט מיט שמחה ארויס געשפרונגען פון דעם יודישען גלות, און וואלט געלאזט די חוואליעס פון דעם גרויססען וועלט טייך, זיי זאללען מיך אין איינעם מיט אנדערע מילליאנען פרייע מענשען אוועק טראגען... איך וואלט עס געקאנט טהון און טהו עס ניט... פאר וואס דארפט איהר מיך ניט פרעגען. פאר וואס האט יוסף אזוי געוויינט פאר פרייד, אז ער האט דערזעהען די אייגענע ברידער, וואס האבען איהם פערקויפט קיין מצרים? פאר וואס איז ביי אונז אזוי טהייער דאס שטיקקעל פארמעט וואס בינדט אונז צונויף אזוי ווי מיר זענען צוזאמען און צו שפרייט אויף דער וועלט? ווייסט איהר דען ניט אז די בינד איז צו שלאף? אונז האלט

אויף דֶער כָּבוֹד פוּן דֶער נַאצְיָאן, אוּנ דֶער כָּבוֹד הַייסְסְט מִיר בְּלַייבֶּען צְווִישֶׁען אַייךְ. אֶמֶת, דָא אִין הָאלַלַנְד לָאזְט מֶען אַייךְ לֶעבֶּען, מֶע רֶעכֶענְט אַייךְ פַאר מֶענְשֶׁען, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען בְּלָאנְקֶעט אִיהר אַייךְ אַרוּם אוּנ הָאט מוֹרָא פַאר אַ מִינְדֶסְט ווִינְדֶעל וָואס בְּלָאזְט, פַאר אַשְׁלֶעכְטֶען קוּק, אִיהר זָאלְלְט נִיט דַארְפֶען ווַייטֶער הַאפֶען דָאס קְלוּמֶעקִיל אוֹיף דִי פְּלֵייצֶעס, אוּנ אָנְהֶעבֶּען נָע וָנָד זַיין וִוי דֶער עֶווִיגֶע יוּדֶע מִיט דֶעם קַיִנ'ס צַייכֶען אוֹיף דֶעם שְׁטֶערְן... וָואס זָשֶׁע מֵיינְט אִיהר? בִּשַׁעַת אִיהר וֶועט זִיךְ לָאזֶען אִין דֶעם גְרוֹיסֶען וֶועג אַריין, בִּשַׁעַת אִיהר וֶועט אִיבֶּערְטְרָאגֶען הִיטְץ אוּנ דוּרְשְׁט וֶועל אִיךְ מִיר קָאנֶען לִיעגֶען רוּהִיג אוֹיפְ'ן גְרִינֶעם גְרָאז, צְווִישֶׁען דִי גֶעדִיכְטֶע בֵּיימֶער? נַיין, צָרוֹת טְרָאגֶען גְלַייךְ מִיט אַלֶע ווִיל אִיךְ — אַייעֶר חֵרֶם קָאנְן גִילְטֶען, אִיךְ בִּין אַ יוּד!

**ד ע ־ ס א נ ט א ס.** אוֹיב דוּ בִּיסְט אַ יוּד נָאר דַאצוּ פוּן אוּנְז חוֹזֵק צוּמַאכֶען, וָואלְט אַ סַךְ גְלַייכֶער גֶעוֶוען דוּ זָאלְסְט גֶעוֶוען בְּלַייבֶּען אַ כְּרִיסְט. דַיין סֵפֶר, אַקָאסְטַא, אִיז אִין פַייעֶר אוּנ דוּ בִּיזְט אִין חֵרֶם. פוּן אִיצְט אָן וֶועט דַיין תְּפִלָּה נִיט דֶערְגְרֵייכֶען דִי שַׁעֲרֵי הַשָּׁמַיִם, דַיינֶע אוֹיגֶען וֶועלֶען פֶערְבְּרֵייטֶען פַייעֶר, פוּן דַיינֶע לִיפֶּען וֶועלֶען טְרִיפֶען גִיפְט. הֶער אוֹיס אוּנְזֶער קְלָלָה, דוּ כּוֹפֵר בְּעִיקָּר! וואוּ דוּ וֶועסְט נִיט טְרֶעטֶען — וֶועסְטוּ נָאר טְרֶעפֶען אַ שׂוֹנֵא, אַז דוּ וֶועסְט קְרַאנְק וֶוערֶען וֶועסְטוּ אִיבֶּערַאלל נָאר דֶעם סַם הַמָּוֶת גֶעפִינֶען, אוּנ אַז עֶס וֶועט קוּמֶען דַיין לֶעצְטֶע שָׁעָה, זָאלְסְטוּ שְׁטַארְבֶּען עֶלֶענְד פֶערְוָוארְפֶען, אוּנ אִין יֶעדֶעם וֶועהְטִיק זָאלְסְטוּ פִיהלֶען דֶעם טַעַם פוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען טוֹידְט!

**א ל ל ע.** שְׁרֶעקְלִיךְ!

**ד ע ־ ס א נ ט א ס.** וִוי אַ בְּלִינְדֶער זָאלְסְטוּ זוּכֶען דֶעם וֶועג אוּנ נִיט גֶעפִינֶען! פֶערְשָׁאלְטֶען זָאלל וֶוערֶען דֶער, וָואס וֶועט דִיר גֶעבֶּען אִין דֶער הַאנְד אַשְׁטִיקֶעל אוֹיף אָנְצוּשְׁפַּארֶען זִיךְ

און אז דו וועסט אומפאלען, זאלל זיך די ערד אונטער דיר שפאלטען און דיך איינשלינגען!

אללע. שרעקקליך!

דע־סאנטאס. אונזער קהלה קדושה האט זיך אבגעזאגט פון דיר און מיט מיין מויל שיקקט זי די תוכחה אויף דיין קאפ און אויף דער וואס האט דיך אויף דער וועלט געבארען.

אוריאל. א, טהייערע מוטטער!

דע־סאנטאס. די קללה זאלל קומען אויף דיינע גוטע פריינד וואס וועלען זיך ענטשליעססען דיר ביי צושטעהן אין דער נויטה! פערשאלטען זאלל ווערען יעדער וואס וועט געפינען ביי זיך אין הארצען א שטיקעל רחמנות אויף דיר. אט די קללה מיינע וועט שולט זיין אומעטום, וואו דיין טרפה'נע האנד וועט זיך גאר צו ריהרען, דו וועסט איינגעדארט ווערען, וועסט באנגען נאך ליעבע, נאר יעדעס פרויען־הערץ וועט מיט אייזערנע שלאססער פאר דיר פערשלאססען בלייבען.

יהודית. (שפרינגט ארויס) ס'א ליגען, רבי!

מנשה. וואס רעדסטו, טאכטער?

דע־סילווא. פיהרט זי אוועק פון דאנען, בן יוחאי!...

בן־יוחאי. א, דו פאלשע!

יהודית. אמת, איך בין פאלש געוועזען געגען זיך און געגען אייך; נאר אייך פאלש זיין, הייססט בלייבען טריי דעם הימעל... אונגליקליכע נארראנים! איהר פארשעלט די געטטער, וואס מיר ביידע האבען זיי ליעב ווי דאס גאנצע לעבען; אבער נאר די געטטער זענען הייליג און אמת'ע! לערענט אייך אין זיי גלויבען, צו זיי בעטען, און האטש אויף איהם ליעגט איצט אייער קללה, ווייסט זשע, אז שוין פון לאנג האט ער מיין ברכה! (זי אומארעמט אוריאל'ן)

דע-סאנטאס. צוויי קרבנות האט איצט אונזער קהלת קדושת פאר א כפרת עון. נאר, ברידער, ווער עס האט גאטט אין הערצען טהאר ניט שטעהען אין זייערע ד' אמות, אין דער טומאה. (אללע צו געהן זיך).

בן-יוחאי. (צו מנשה אונ יהודית) אין ענייני אמונה מיש איך מיך דווקא ניט אריין; איך קוק נאר ווי א פראסטער מענש, אונ זעה אז מען האט מיך געמאכט צום נאר; אז ס'איז יא אזוי, וועל איך מיך נוהג זיין ווי די וואס מיינען אז נצחון אונ נקמה איז דער בעסטער תענוג. (אב).

מנשה. וואס דא וועט ווייטער זיין — ווייסט נאר איין גאטט! נאר וואס האסט דו מיר גאר פאר א חתונה פערפירט, מיין קינד? דאס וועט אונז טהייער קאסטען!... ניט אזוי גיך האפט מען זיך צוריק ארויף אויפ'ן רעכטען וועג אז מען שטעללט נאר איין פוס ניט גלייך... איהר, אוריאל, בלייבט דערווייל דא, ביי מיר, מיט דעם רבי'ס קללות; דא אין גארטען מאגט איהר רוהיג זיין, מיינע בילדער וועלען פון אייך געוויסס ניט ענטלויפען. איך מוז שוין צוריק פאהרען קיין אמשטרדם. דיך, יהודית, וועל איך אויך מיט נעהמען, לאמיר לייטען די מיילער ניט אויפרייסען, אונ נאכדעם ווי אזוי גאטט וועט פיהרען אזוי וועט זיין! (אב).

יהודית. איצט ביסטו מיינער! דורכ'ן הייליגען אמת האב איך דיך געוואונען... זעהסטו ווי טהייער ביי מיר איז דער גאטט, וואס דו האסט מיך געלערנט צו איהם בעטען, דער גאטט וואס רעדט ארויס פונ'ם פייער אין דעם הערצ'ן, א, איצט מאגען מיר גלויבען אונ האפפען, איצט וועסטו מיך שוין ניט אוועק ווארפען, מיין ליעבער! ווער עס האט נאר א פעסטען ווילל'ען אונ הערצענסקראפט, דער שפרינגט אללדינג איבער ווי א גבור!

(דער פארהאנג פאללט)

# דריטער אקט.

א צימער ביי מנשה'ן אין אמשטרדם, פערציערט מיט בילדער.

## ערשטער אויפטריט.

(מנשה אלליין, זיצט ביים שרייב טיש).

**מנשה:** אך, ניט לאנג קאנן זיך האלטען דאס גליק
וואס שווימט אויפ'ן וואסער! איך זיין מיר דא
אונ רעכענען, שרייב מיר ציעפפערן, גרויסע ציעפפערן, פלוצים קומט
אן איין חוואליע אונ ווישט זיי אללע אב... ניין, רעכטע חשבונות
קאנן מען נאר מאכען אויף דער פעסטער ערד (ער נעהמט ארום
אונ נעהמט פונ'ם טיש א'נ-אנדער בוך). אט די חשבונות גע-
פאללען מיר שוין בעססער! אין דעם בוך געפינען זיך בילדער,
זיילען, פאנטאנען, פאוויליאנען, יעדעס מיט זיין מקח, די מקחים
זענען ניט אפילו קיין קליינע... עס רעדט זיך אזוי, הויכע מקחים!
די קינסטלער לאזען זיך פאר זייער ארבייט צו טהייער בעצאהלען,
גלייך ווי מיר צאהלען פאר דעם בילד נאך זיין ווערטה נאך. ניין,
מיר שאטצען אינ'ם בילד ניט די ליינוואנד, ניט די פארב, ניט די
צייט וואס דער מאלער האט דערויף פערבראכט, אפילו ניט זיין
טאלענט, ווייל איהם וואלט געוויס ניהאר געוועזען דאס בילד בעס-
סער אוועקשענקען עה'דער פערקויפען; מיר צאהלען אונזער געלד
נאר פאר דאס רעכט דאס צו האבען, מיר אלליין זאללען קאנען זיך
שפיעגלען אין דער שאנהייט דער פון. (ער נעהמט צו צו דער וואנד
אונ בעטראכט איין בילד) וואס פאר א זיססער תענוג דאס איז —
ביי זיך צו וויסען, אז נאר דו אלליין האסט עס, אז נאר דו אלליין
קאננסט עס יעדעס מאל בעטראכטען, אז קיין שום ציקאווע אויגען
וועלען דא ניט קוקען, קיין שום פרעמד מבינות וועט זיך דא ניט
צריינמישען... ניעשטא נאר טהייערס אונ שאנערס דערפון...

דָארְט, וואו יֶעדֶעס גֶעהט אויף אֵיין גַאנְג, אֵיינֶם אויפְן אַנְדֶערֶען
אִיז אֶהנְלִיךְ, קוּמְט דֶער קִינְסְטְלֶער אוּנ שַׁאפְט נָאר אֵיינֶם, אוּנ
דָאס אֵיינֶע וֶוערְט מַיין אֵייגֶענֶם, הֵיילִיג, רֵיין, שֶׁאן, מִיט קֵיינֶעם
טְהָאר זִיךְ עֶס נִיט אֶנְקֶעהְרֶען... קָאנְן מֶען דָא נָאר רֶעדֶען פוּן
מְקוֹמִים, זָאגֶען ס'אִיז צוּ טְהַייֶער אָדֶער וָואהלְפֵייל... (ער זעצט זיך
צום טיש) דֶער וַייל לִיעגֶען מִיר נָאךְ אַלְין דִי חֶשְׁבּוֹנוֹת אִין קָאפּ...
נָאר דַאגוֹת... דַאגוֹת...

---

## צְווייטֶער אויפְטְרִיט׳

מנשה אונ יהודית.

**יהודית:** אוּמֶעטוּם הָאבּ אִיךְ דִיךְ, לִיעבֶּער פָאטֶער, גֶעזוּכְט; דוּ הָאסְט דִיךְ דָא אִין דַיין אַרְבֵּייט אַזוֹי פֶערְטִיעפְט... דֶערְצוּ זֶעהסְטוּ נָאךְ אַזוֹי בְּלֵייךְ, אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג אוֹיס...

**מנשה.** דָאס וַוייזְט זִיךְ דִיר נָאר אוֹיס אַזוֹי, מַיין קִינְד.

**יהודית.** דִיר הָאט אַוַדַאי זֶעהר גֶעמוּזְט שְׁוֶוער זַיין דָאס אָפְּפֶער, וָואס דוּ הָאסְט דִי טָאג גֶעבְּרַאכְט.

**מנשה:** דוּ וַוייסְסְט דֶענְן נִיט, טָאכְטֶער, אַז יֶענֶעמְס צָרוֹת זֶענֶען פַאר אוּנְז הֲצִי נֶחָמָה.

**יהודית.** וָואס מַאכְסְטוּ אַזוֹי דַיינֶע אָפְּפֶער קְלֵיין? דוּ הָאסְט אוּנְטֶער דַיין דַאךְ אַרוּנְטֶערְגֶענוּמֶען דֶעם,
וָואס טָאר אִין עֶרְגֶיץ נִיט אַרֵיינְקוּמֶען, אֲפִילוּ צוּ זַיין אֵייגֶענֶער מוּטטֶער נִיט אַרֵיינְגֶעהן..., דוּ הָאסְט אִיהם מַצִיל גֶעוֶוען פוּן דִי פַאנַאטִיקֶערְס שְׁלֶעכְטֶע הַאנְד... דוּ בִּיסְט אֲפִילוּ גֶערֵייט אִיהם פַאר אַ זוּהן צוּ זִיךְ אַרֵיינְצוּנֶעהמֶען... אִיךְ וַוייסס נִיט, דִי וֶועלְט הַאלְט דִיךְ פַאר אַ קַאלְטֶען מֶענְשֶׁען, נָאר מֶע אִיז גֶעוָואהנְט שְׁטַאנְדִיג צוּ

געטראכטען די שאליכטיץ פונם ניסיל, אך ווען זיי זאללען נאר קענען, אזוי ווי איך, דעם שאנעם געשמאקען יאדער!

**מנשה.** צו פיעל וועזען מאכסטו פון דיין אלטען טאטען.
אקאסטאן בין איך מקרב ניט צו ליעב איהם;
ווער עס ווילל ניט לעבען ווי די גאנצע וועלט, דער איז מיר פרעמד, דעם קאנן איך ניט ליעב האבען. נאר וואס קאנן איך טהון, אז ער איז ביי דיר אזוי טהייער, אז דו האסט שיער ניט אין אללע גאסען אנגעהויבען שרייען אז דו האסט איהם ליעב, דו האסט גאר די בושה אוועק געלעגט... עס איז מיר אפילו שווער צו רעדען פון יענער שרעקקליכער סצענע...

**יהודית.** (אן א זייט) און איך לעב נאר מיט איהר!

**מנשה.** איך לייגען ניט פאר קיינעם, אז אוריאל קאנן ווערען דיין מאנן, ווען ער וועט זיך נאר אויס־גלייכען מיט קהל; פאר וואס איך בין אזוי שוואך און גיב נאך — ווייססטו אליין, מיין קינד!

**יהודית.** יא, ווייל דו האסט רחמנות אויף דיין טאכטער, ווייל עס רעדט אין דיר דאס הערץ פון א טאטען, און נאך מעהר דאס געפיהל פון א מענשען

**מנשה.** ניין, ניין, יהודית, האסט א גרויסען טעות! אמת, קיין מענשענפיינד בין איך ניט, נאר שטארק ליעב האב איך זיי אויך ניט. די ערפאהרונג האט מיך געלערנט — זיך האלטען פון דער ווייטענס און לעבען פאר זיך אלליין. גלויב מיר, מיין קינד, די וועלט דארף מען קענען. זאלסט געוועזען זעהען א מאל, צוריקק מיט פונפצעהן יאהרע, אז דאס דערהדיל האט זיך ביי מיר איין מאל ניט אזא גוטען דרעה געטהון, און מען האט שוין אנגעהויבען מומלען אז איך זעץ אן, האב איך נאר דעמאלט גאנץ אנדערע בעלי טובות געפונען: אפילו ארעבטען

קראכין, אגוט ווארט האט מען פאר מיך געשאלטעט, ווען סע
האט נאר דערשמאקט אז איך טרינק מיך.

**יהודית.** נא, און די מאמע מיינע?

**מנשה.** דיין מאמע, דעם לעכטיגען גן עדן זאלל זי
האבען, טאקי נאר זי האט מיר געגעבען כח
און געהאלפען אללדינג איבערטראגען; דערפאר איז איהר נאך
ביים לעבען בעשערט געוועזען זעהען מיין מזל ווידער שיינען.
און זי האט זיך ביי מיר געאלטערט אין עושר און אין כבוד,
ביז זי איז איבער געקוממען דעם נארישען חלום, די פינסטערע,
קאלטע, פאלשע וועלט... יא, טאכטער מיינע, מע דארף פריהער
אזוי פיעל ליידען ווי פיעל איך, ביז מען קומט צום שכל, אז
אנשפארען זיך איז נישטא אויף קיינעם, אז דעם מענשענס קרייוודע
וועט זיך קיינער ניט אננעהמען, און פערלאזען קאנן מען זיך נאר
אויף אייגענע ווייב און קינדער... ווער עס מאכט דורך מיין
שולע, פערשליעסט זיך נאך דער ארבייט מיט זיין משפחה אין זיין
הייזעל און פערריעגעלט שטארק די טהיר פארן לעבען, עס זאלל
ניט שטארען זיין רוהע.

**דיענער.** דאקטאר דע-סילווא איז געקוממען (געהט אוועק).

**יהודית.** דע-סילווא?

**מנשה.** און וואו איז אוריאל?

**יהודית.** ער איז דאך ביי אונז בעהאלטען, אזוי ווי דו
האסט געהייסען.

**מנשה.** נא, וועט איהר נאך אלין, יונגע קינדער, האבען
צוטהון מיט'ן אלטען דור, אז מיר זעגען אייך
נעגנער און שטארען אייער גליק. אט האט נאר אוריאל בעקוממען
דע-סילוואן פאר א בעל טובה, ער ווילל איהם אויסגלייכען מיט
אונזערע רבנים, ער וויל דעם כעסן, בן-יוחאי, אויך אביסעל
נייבער מאכען, נו, רוף זשע מיר אקאסטא.

**יהודית.** גוטער, ליעבער טאטער, פאר וואס בין איך נאך אזוי שוואך, און קאנן קיין שום גרויסע זאך אליין ניט טהון? איך מוז דערווייל נאר לעבען מיט יענעמס חסדים...

**מנשה.** געה, געה, מיין קינד, און שיק מיר אהער דיין פריינד.

**יהודית.** איך וועל דיך אבער בעטען, טאטע, זיי ניט אזוי קאלט געגען איהם; דו האסט אלץ ליעב דעם גלאנץ פון קונסט, וואס זשע שאמסטו דיך מיט דעם גלאנץ פון דיין הערץ, וואס איז געוויסס שאנער און ריינער?

**מנשה.** (קוקט איהר נאך ווי זי געהט אוועק) קיין שום גרויסע זאך, זאגסטו, קאנסטו אליין ניט טהון? אוודאי ווילסטו פון קיין גרויסע זאכען ניט וויסען, ווייל דאס ערשטע וואלט נאטהיג געווען פאר דיר צו ברעכען די תאוה און דעם הערץ וועניגער שליטא געבען. (דע-סילווא קומט אריין).

-----

## דריטער אויפטריט.

מנשה און דע-סילווא.

**מנשה:** ברוך הבא! איך זעה, איהר זענט באמת א רודף שלום, ווי א נ-אלטער גוטער פריינד . . . נאר איין זאך וועל איך אייך בעטען, איהר זאלט מיך פריי לאזען פון קינות, פון מוסר און פון נחמות, ווייל דאס זענען אלץ איבעריגע רעד.

**דע-סילווא.** איהר זענט א מערקווירדיגער מענש, איהר האט צו פיעל ליב דאס נפש'ל, דערפאר ווילט איהר נאר שטאנדיג ענטלויפען פון צרות, און די צרות לויפען אייך נאך.

מנשה ! אִיהר הָאט שׁוֹין גֶערֶעדְט, מִיטְ'ן בֵּית דִין ?

דע-סילווא. אָט קוּם אִיךְ עֶרְשְׁט פוּן דֶער שׁוּל.

מנשה. נָא, אִיז שׁוֹין דָארְט אַלְלֶדִינְג פֶערְטִיג, עֶר זָאלל זִיךְ אָבְזָאגֶען ? אִיךְ וָואלְט שׁוֹין גֶערֶען עֶס זָאלל שׁוֹין זַיין אַ סוֹף, דִי נַארֶעשֶׁע שִׂנְאָה זָאלל אוֹיפְהֶערֶען.

דע-סילווא. בַּיי אַייךְ הֵייסְט נַארִישֶׁע שִׂנְאָה דָאס, וָואס מִיר רוּפֶען אַן גְלוֹיבֶּען ?

מנשה. בַּיי אַייךְ קוּמְט אוֹיס אַז אַ נְקָמָה פוּן אַ שׂוֹנֵא, אָדֶער אַ נֶעץ פוּן אַ פַאלְשֶׁען מֶענְשֶׁען זָאלל מֶען רֶעכְנֶען פַאר עִנְיְנֵי אֱמוּנָה ? אִיהר ווייסְט דֶען נִיט אַז בֶּן-יוֹחָאִי מִיט דֶער כְּנוּפְיָא מִיט זַיינֶער הָאבֶּען גָאר אוֹיפְגֶעהֶערְט מִיךְ צוּ גֶערִיסֶען ? הַיינְט זֶעה אִיךְ גַאנְץ גוּט אַז מֶע זוּכְט אוֹיף דֶער בֶּארְזֶע אַ'נ-אָרְט וואו מִיךְ צוּ טְרֶעפֶען אוּנ, אַז מֶע ווילל, קָאנֶען מֶען דֶעם בַּייכְטֶען סוֹחֵר דֶערְקְוֶועטְשֶׁען . . .

דע-סילווא. אִיהר מוּזְט לַיידֶען אוּנ הָאפֶען.

מנשה סְ'אִיז אַייךְ גְרִינְג צוּ זָאגֶען — הָאפֶען, לַיידֶען, אַז אִין אֵיין מִינוּט קָאנֶען פוּן מִיר וֶוערֶען אַ תֵּל. אִיךְ זָאג אַייךְ, בֶּן-יוֹחָאִי הָאט זִיךְ אוֹיף מַיין לֶעבֶּען גֶענוּמֶען.

דע-סילווא. ר' מְנַשֶּׁה !

מנשה. נָא, גֶענוּג, אִיךְ ווילל אַייךְ גָאר בֶּעטֶען : מַאכְט דָא נִיךְ אַ'נ-עֶקְק, אִיהר הֶערְט ? ווי ווייט גִיכֶער ! אִיהר וֶועט בַּאלְד רֶעדֶען מִיט אַקָאסְטַא'ן, גִיט זְשֶׁע אִיהם צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן, וָואס עֶר הָאט צוּ טְהוּן, עֶר זָאלל פֶערְשְׁטָאפֶּען דָאס מוֹיל פוּן דִי רַבָּנִים, אוּנ עֶס זָאלֶען אוֹיפְהֶערֶען הַאוְקֶען דִי הַאפְּטֶע הִינְד, וָואס זֵיי הָאבֶּען אָנְגֶערֵייצְט. אַקָאסְטַא וֶועט בַּאלְד אַרַיינְ-קוּמֶען, רֶעדְט זְשֶׁע מִיט אִיהם אִיבֶּער כָּל דָבָר שֹׁרֶשׁ... אִיךְ גֶעה אַוֶועק... אִיךְ מוּז אַייךְ נָאךְ אָבֶּער זָאגֶען, מִיר וֶועגֶען דָאךְ

דָא חָלֶעבֶּען אַלֵיין, וֶועדְלִיג מִיר דַאכְט זִיךְ הַאלְט אִיהר אוֹיךְ נִיט אַזוֹי שְׁטַארְק פוּן אוּנְזֶערֶע רַבָּנִים. קָאנְן מֶען דֶען בֶּאֱמֶת אָנֶנֶעהמֶען זֵייעֶר דֶרֶךְ? קָאנְן מֶען דֶענְן פָארְדֶערְן אַז אַ מֶענְשׁ טְהוּט אוֹיס דִי קִינְדֶערְשֶׁע שִׁיכְלֶעךְ, עֶר זָאלל זֵיי אוֹיף דֶער אֶלְטֶער ווִיעדֶער אָנְטְהוּן? אַז מֶען קָאנְן קְלֵיינֶע קִינְדֶער אַיינְרֶעדֶען, אַז צְוֵויי מָאהל צְוֵויי אִיז פִינְף — דָאס פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ, נָאר, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אוֹיךְ, אַז בַּיי דִי יָאהרֶען, ווָאס דֶער מֶענְשׁ ווִילל ווִיסֶען פַאר ווָאס אוּנ פַאר ווֶען, קָאנְן מֶען אַזֶעלְכֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת נִיט מַאכֶען אוּנ ס'אִיז זֶעהר שְׁווֶער — צְוֵויי מָאל צְוֵויי זָאלל טַאקִי בְּלֵייבֶען פִינְף. נָאר... אִיךְ הָאבּ מִיךְ שׁוֹין דָא פֶערְרֶעדְט מִיט אַייךְ, אוֹיף מִיר וַוארְטֶען שׁוֹין מַיינֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת (אב).

---

## פִירְטֶער אוֹיפְטְרִיט

אוריאל אונ דע-סילווא.

**אוריאל.** (בלייבט שטעהן ביי דער טהיר) דָאס בִּין אִיךְ דֶע-סִילְוַוא. מָאג דֶער פֶערְשָׁאלְטֶענֶער צוּגֶעהן צוּם הֵיילִיגֶען בֶּעשִׁיצֶער פוּן רֵיינֶע נְשָׁמוֹת?

**דע-סילווא.** דִי הֵיילִיגְסְטֶע זַאךְ בַּיים מֶענְשֶׁען, אִיז נָאר דָאס גֶעווִיסֶען; דָאס אִיז דֶער הֵיילִיגְסְטֶער חוֹב, ווָאס זֶעהר זֶעלְטֶען בֶּעצָאהלְט מֶען עֶס אִיהם מִיטְ'ן גוּטֶען ווִילֶען. אִיךְ הָאבּ אַייךְ, אַקְאָסְטַא, גֶעגֶען מַיין ווִילֶען פֶערְמִשְׁפָּט.

**אוריאל.** אֱמֶת, אִיךְ ווֵייס עֶס, אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה אוֹיךְ, אַז אִיהר הָאט מִיר אוּמִיסְטֶען אַ ווֶעג אִיבֶּער-גֶעלָאזְט, אֵיין אֵיינְצִיגֶען פְרֵייעֶן ווֶעג, ווָאס אִיךְ הָאבּ אִיהם אָבֶּער נִיט גֶעקָאנְט אָנֶנֶעהמֶען.

**דע-סילווא.** דָאס ווָאס בִּינְדְט אַייךְ אַזוֹי צוּ צוּ יוּדֶען — גֶעפֶעלְט מִיר דַוְקָא. אַייעֶרֶע רְאָיוֹת זֶענֶען אֲפִילוּ

אַבִּיסֶעלֶע פְּרִיקְרֶע און דִי לִיעבֶּע אַיְיעֶרֶע מִיט יְהוּדִית׳ן, אִיז אוֹיךְ נִיט אַזוֹי גְלַאטט, פון דֶעסְט וֶועגֶען נֶעהם אִיךְ אַייךְ צוּ פַאר אַ וָואהלֶען קָרוֹב, און עֶס פְרֵייעט מִיךְ נָאךְ מֶעהר וָואס דֶערְוַוייל וֶועט מַאקִי בְּלַייבֶּען בַּיי אוּנְז אִין אַמְשְׁטֶערְדַם אַזאַ בֶּן תּוֹרָה, אַזאַ עִילוּי.

אוריאל. אִיז דֶען דָאס אָבֶּער מֶעגְלִיךְ? אֱמֶת, גָאטט הָאט מִיר צוּגֶעשִׁיקְט דִי לִיעבֶּע פון אַ מַלְאָךְ, וָואס טְהוּט מֶען אָבֶּער, אַז אוֹיפְ׳ן גְלַייכֶען וֶועג קָאנן אִיךְ עֶס נִיט דֶערְגְרֵייכֶען.

דע-סילווא. אָט דָאס אִיז דָאךְ דִי גַאנְצֶע זַאךְ וָואס מֶען קָאנן יָא. אִיךְ קוּם עֶרְשְׁט פוּנ׳ם בֵּית-דִין, זֵיי זֶענֶען שׁוֹין אַבִּיסֶעל ווייבֶער. אַוַודַאי קוּקְט מֶען נָאר אַנְדֶערְשׁ; מִיט מַנְשֶׁה׳ס אֵיידֶעם וֶועט מֶען זִיךְ נָאר אַנְדֶערְשׁ נוֹהֵג זַיין. אִיהר מֶעגְט גַאנְץ זִיכֶער אַהִין גֶעהְן, דָאס אָבְּזָאגֶען זִיךְ וֶועט פַאר אַייךְ נִיט אַזוֹי שְׁוֶוער זַיין; דְרַיי מָאהל וֶועט אִיהר דַארְפֶען אָנְקְלַאפֶּען אִין שׁוּל און וֶועט אַבִּיסֶעלֶע דָארְט אוֹיסְוַוארְטֶען, אֶפְשָׁר אַ מִינוּט פִינְף-זֶעכְס, אַי וָואס. דָארְט וֶועט זִיךְ אֶפְשָׁר צוּנ׳אוֹיף לוֹיפֶען אַנ-עוֹלָם — אִיהר ווייסְט דָאךְ וָואהל, מֶענְשֶׁען זֶענֶען שְׁטֶענְדִיג צוּקַאוֶוע — זָאלל עֶס אַייךְ נָאר נִיט אַארֶען, דֶער נָאךְ וֶועט אִין דֶער גִיךְ אַרוֹיסְקוּמֶען דֶער שַׁמָשׁ און וֶועט אַייךְ אַרַיינְבֶּעטֶען צוּם רָב, ר׳ בֶּן-עֲקִיבָא, דָארְט וֶועט אִיהר אַ שְׁמוּעסְל וִיכּוּחַ הָאבֶען, און דִי זַאךְ וֶועט אַנ-עֶקק גֶעהמֶען.

אוריאל. וָואס אִיךְ הֶער פון אַייךְ — אִיבֶּערְרַאשְׁט מִיךְ שְׁטַארְק. אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה נָאר נִיט פון וָואס אִיהר רֶעדְט.

דע-סילווא. ס׳טַייטְשׁ, אִיהר דַארְפְט זִיךְ דֶען נִיט אָבְּזָאגֶען?

אוריאל. פון וָואס דַארְף אִיךְ מִיךְ אָבְּזָאגֶען?

דע-סילווא. אִיהר מַאכְט זִיךְ עֶפֶּעס נִיט וִויסֶענְדִיג... אִיהר פֶערְשְׁטֶעהט דֶען נִיט, אַז נָאר וֶוען אִיהר

װעט זיך אבזאגען פון אייערע מחשבות — קאנן מען פון אייך דעם
חרם אראבנעהמען.

**אוריאל.** זיך אבזאגען? דאס װארט קלינגט מיר אזױ
פרעמד, אז מײנע ליפּען קאננען עס נאר מיט
דער גרעסטער מיה׳ נאך אמאל ארױסזאגען. װער האט אייך אבער
געזאגט, אז איך װיל נאר פונ׳ם חרם צו ־יס?

**דע־סילװא.** אקאפּטא. דערמאהנט אייך נור װאס איהר
רעדט! צו מײנט איהר טאקי באמת אז מען
קאנן א װעלט איבערלעבען אין חלום? איהר מוזט פערשטעהן, אז
װען איהר בלייבט אין חרם, קאננט איהר אויף יהודית׳ן ניט רעכענען;
הײנט זענט איהר טאקי פּשוט מיט אייער לעבען ניט זיכער; אפילו
ביי די היעגע קריסטען זענען מיר תקיף, ניט איהר.

**אוריאל.** דאס װייס איך גאנץ גוט. איך זוך מיר שױן
לאנג א װעג, איך זאלל חאטש קאננען אזױ
בלייבען װי איך בין. נאר װאס האט איינס צום אנדערן? ... אויב
איהר זענט חאטש איין מאל אין אייער לעבען געװען א דענקער,
אויב דאס ליכט פון חכמה האט חאטש איין רגע אויף אייך
געשיינט — פרעג איך אייך אלליין, קאננט איהר מיר נאר אזױ מיט
א קאלטער לעבער זאגען: זאג זיך אב! מאנט איהר עס? פרעג איך
אייך!

**דע־סעלװא.** חרטה האבען שטעהט אן דעם גראססטען
מענשען.

**אוריאל.** אגרױססער מענש געהט שטאנדיג װייטער ניט
צוריקק.

**דע־סילװא.** מודה זיין אויף א טעות איז דוקא ניט קיין
עבירה.

**אוריאל.** א טעות קאנן איך אפשר האבען פאר מיר אליין,
געגען אייערע רבנים אבער, האב איך רעכט.

**דע-סילווא**. די רבנים מיינען געוועכט צו בלייבען דווקא ניט פאר זיך.

**אוריאל**. פאר וועמען דענן? פאר גאטט? דעם וועג צו איהם קאנן איך אלליין געפינען.

**דע-סילווא**. אט דאס קראנקט מיך פון אייך צו הערען! שטענדיג האט איהר נאר מורא פאר אפחתת-הכבוד דארט, וואו מען בעריהרט אפילו ניט אייער ערע. דעם מענשענס הרגשות איז ניט נאטהיג פאר גאטט, טאקי פאר'ן מענשען, פאר'ן גרויסען סדר עולם, איז עס נאטהיג. טהאר דענן דער מענש זיין ביי זיך אזא מיוחס? בעטראכט נאר די גרויסע מאשין, אט דאס גאנצע... וואס זעהען מיר זיך אן? א מילב א זאמד...

**אוריאל**. ביי זיך בין איך מיר אלליין א גאנצע וועלט.

**דע-סילווא**. יא, אז איהר וועט זיך נאר אנבלאזען...

**אוריאל**. אויב אזוי, איז ביי אייך די גאנצע וועלט טאקי ניט מעהר ווי א נול.

**דע-סילווא**. איהר האלט זיך פאר א פרייען מענשען, איהר געמוהט זיך אלץ איבער מיט אייער דענקען אונ איך, אז איך בעטראכט די הייליגע נאטור, דעם טוידט פונ'ם ווינטער, דעם תענוג פונ'ם פריהלינג, די פערוועלקטע שאנהייט פונ'ם אסיען, אז איך שטעלל צו דאס גלאז צו די אויגען אונ וויל זעהען פלעקקען אויף די הויכע פייערינע שטערן — פיהל איך, אז איך, איהר אונ נאך פיעלע אנדערע, ווען מען בעטראכט אונז נאר ווי איינציגע בעשאפפעניששען, זענען מיר גאר נישט; מיר לעבען נאר ווי איינציגע שטיקקלעך פון איין גרויסער קעטט, מיר קאננען נאר פריי זיין איננאיינעם מיט'ן כלל. אט דאס איז מיין איבערצייגונג! מיט דער איבערצייגונג האבען שוין מילליאנען מענשען גליקקליך אבגעלעבט זייער וועלט. אונ אייער חקירת

ווערט קיינעם ניט זיסס מאכען דאס לעבען. איהר אליין, ווייסט
איך ניט, צו געפינט איהר אין דעם עפּיס א גליק.

**אוריאל.** עס קאנן זעהר גוט זיין, דע-סילווא, אז א
בלינדער היטעט אב זיין שטאקקען, אונ בפרט
נאך אזא שטאקקען וואס דיענט איהם שוין מעהר פון דריי טויזענד
יאהר, ווי איין אויג אין קאפּף, ווייל אין אמת אריין איז דאך טאקי
דער שטאקען זיין אויג. ער ווייזט איהם וואוהין צו געהן, וואו צו
שטעהן, ווי אריבערצושפּרינגען — מיט איינעם ווארט, ער לאזט
איהם ניט פאללען. פּלוצים טהוט אבער נאטש א נס אונ אפּפּענט
דעם בלינדען די אויגען, אונ ער קאנן שוין אלליין קוקען אויף דער
ליכטיגער וועלט אוודאי איז איהם לכתחלה אללדינג טשודנע, ער
זעהט פאר זיך אלץ נייע זאכען, ער שרעקקט זיך, ער געהט
פאוואליע, ער האט אלץ מורא ער זאלל ניט פאללען, זיין אויג איז
נאך ניט געוואהנט מיט דער טהייערער שיין, אונ עס ווייזט זיך
איהם אויס, אז פריהער איז איהם בעססער געווען, עפּעס אזוי ווי
עס ציעהט איהם צום אלטען שטאקען, וואס האט איהם טויזענדער
יאהרען געפיהרט בשלום... נא, פרעג איך אייך, דע-סילווא, דער-
פאר וואס דער אמת קאנן ניט באלד יעדען בעפריעדיגען, דער-
פאר וואס נאך א בלינדקייט איז שווער אללעם העלל צו זעהן אונ
גיך לויפען, קאנן מען דענן דערפאר פארדערן פון דעם, וואס איז
זוכה געוועזען צו ווערען ער זאל זיינע אפפענע אויגען בעטראכטען
פאר א טעות, זיין ערשטער תענוג פונ'ם פרייען קוק זאלל גאר
ווערען א'נ עבירה? ניין! ווי אזוי עס זאלל מיר ניט וועה' טהון
מיינע אויגען וואס איך האב נאר וואס געאפפענט, ווי אזוי עס
זאלל מיר ניט שווער זיין צו קוקען אויף דער ברענענדיגער זונן,
וועל איך מיך פון דעם זיסען וועהטיק — קיין מאל ניט אבזאגען.

**דע-סילווא.** ווי איך זעה, האב איך מיט אייך גאר ניט וואס
צו רעדען. געהט זשע אייער וועג, נאר איך

דעם נאכגעהען דער חרם, ניט יהודית; זי וועט אייך אין די פוסטע האלדער ניט נאכלויפען, נאכאמאל וועט זי דעם רב ניט מעיז זיין. אונ דעם טאטען איהרען וועט זי געוויסס ניט לאזען אונגליקליך ווערען. (ער געהט אונ בלייבט שטעהן) ווייססט איהר, אייער משל פון בלינדיקייט האט מיך דערמאהנט אן אייער בלינדער מאמע... הארט זשע אויס, אקאסטא! אין אונזער פאלק איז זעהר שטארק די פאמיליען-ליעבע; איך ווייס, איהר וועט מיר אנדאי זאגען וועגען דוד מיט אבשלם, איז דערפון נאר קיין ראיה ניט. דאס איז געוועזען גאנץ לאנג, אמאל, נור אין די לעצטע דורות, זייט מיר זענען אין גלות, איז ביי אונז ממילא שטארקער געווארען די פאמיליען-ליעבע, ווייל מיר האבען זיך נאר געמוזט האלטען אינאיינעם. קיין נאהענטערען ווי א קרוב ווייססען מיר ניט, ווי די וועלט זאגט: „בינד מיך אונ ווארף מיך צווישען די מייניגע". אט דערפאר האט זיך ביי אונז אויסגעארבייט די גרויססע מצות פון כבוד אב ואם. קיינער געהט ניט געגען ווילען פון די עלטערן. קאנט איהר דענן, אוריאל, רעכנען, אז דאס איז אויך נאר א נארישקייט, א באנגעניש צום אלטען שטאקקען? .. געפינט זיך דען ניט בא אייך אין הארצען רחמנות, ווען ניט פאר יהודית, ווענינגסטענס פאר איהר אלטען טאטען? ... זעהט בערעכענט אייך גוט וועמען איהר דארפט פאלגען: דעם פרייען שכל, אדער דאס ליעבענדע הערץ? זייט אייך גוט מישב, אונ טהוט אזוי ווי אייער געוויססען וועט אייך הייסען! (ער געהט אוועק).

---

## פינפטער אויפטריט:

אוריאל (אליין).

**אוריאל.** וואס מיין געוויססען וועט מיר הייסען...
קאנן עס מיר דענן הייסען דעם אמת פאר

דער ליעבע פערבעגען? אמת, איך האב זעהר ליעב יהודיתן, נאר איך וואלט מיך געריכנט פאר'ן ערגסטען, ווען איך וואלט מיך צוליעב איהר אבגעזאגט פון דעם וואס איז מיר ליעבער פון מיין גאנץ לעבען — פון מיין איבערציינגונג! דאס איז ערגער ווי עובר שבועה זיין . . . חרטה האבען קאנן איך ניט . . . עס קאנן זיין איך האב א טעות פאר'ן אמת נאר פאר די רבנים וועל איך דעם קאפף ניט אנבעגען! (הינטער דער טהיר זאגט א דיענער: „געהט דערוויל אריין, דאס פריילין יהודית וועט באלד ארויסקומען“) א יס'צער געהט אהער, איך מוז מיך שוין שטעלען פון דער ווייטענס, איך זאל חלילה קיינעם צו קיין עבירה ניט ברענגען. (דער דיענער זאגט ביי דער טהיר: אט דא קאננט איהר אויס-ווארטען) געערכטער גאט, מיין מוטטער!

---

## זעכסטער אויפטריט.

**אוריאל, אסתר (א בלינדע ביי די האנד פיהרט זי ראובן אונ יואל).**

ראובן. אט דא, מאמע, זעץ דיך צו (ער זעצט זי אין א זעסעל).

אסתר. וועט זי אבער קומען אהער?

יואל. איך האב דערוויל אונזערע נאמען ניט געזאגט.

אסתר. אך, ווען איך וואלט זי געקאננט זעהן!

אוריאל (שטעללט זיך פאר איהר אויף די קניען) ליעבע מוטטער!

אסתר. דו ביסט עס. דיין האנד האלט איך, מיין זוהן!

אוריאל. דו דערקעננסט נאך דיין פערשאלטענעם זוהן?

אסתר. אט זענען דיינע האר, דיין בארד, דיין פנים...

אַט מיהל איך דיינע טהרערען. יאַ, דאס ביסטו; דער חרם האט דיך גאר ניט פערענדערט.

**ראובן.** צו ליעב יהודית'ן זענען מיר, ברודער, אַהער געקומען; די מאַמע וויל קענענען די, וואס האט אפפענטליך ערקלערט איהרע ליעבע צו דיר... זי האט ווער געוואָללט איהר טאכטער...

**אוריאל.** זעהען! אַ יאַ, ראובן, זאג זעהען! אך ווען זי וואָלט זי געקאננט מיט איהרע אויגען זעהען!

**אסתר.** איך האב געהערט אַז זי איז זעהר שאָן, נאָר נאך שאָנער איז איהרע ליעבע, אין דיין אומגליקק האט זי דיר איהר האנד געגעבען!

**אוריאל** האט מען איהר שוין געזאגט אַז איהר זענט דא? זי האט שוין לאנג געוואָללט דיך זעהן, נאר איך בין ניט מרוצה געווען. צום אומגליקק קאנן זי ניט בלייבען מיינע.

**אסתר.** איך האב עס פריהער געוואוסט.

**אוריאל.** ווי אַזוי?

**יואל** די מאַמע מיינט דעם חרם, ווייל מען האַרט נאך ניט אין שטאָדט פונ'ם שלום.

**ראובן.** מיר מוזען דיר איך זאגען אַז מיר פאהרן גיך ארויס פון דאגען. קיין האאג.

**אוריאל.** קיין האאג קלויבט איהר זיך גאר פלוצלונג ארויס? מיט אונזער אַלטער, בלינדער מאַמע?

**אסתר.** פאר מיר איז אַלץ איינם, מיין קינד, דאָרט וועט זיך מיר אויסדאַכטען אַז איך בין דא, [illegible] ווי עס פלעגט זיך מיר אויסנייזען דא אַז מיר זענען אין פארטוגאל.

**אוריאל.** וואס-זשע איז ביי אייך אזוינס געשעהען? צו וואס דארפט איהר אוועק פאהרען?

**יואל.** פערשטעהסטו... ברודער...

**אסתר.** שווייגט בעססער, חלעבען.

**ראובן.** פערשטעהסט דו, אונזערע מחרים, וואס זענען געבליעבען פונ'ם טאטען, האבען זיך פער־גראסערט.

**אוריאל.** יא, איך ווייסס, דו האסט אגרויססען נאמען שוין אויף דער בארזע.

**ראובן.** נא, אונ איצט... פערשטעהסט דו...

**אוריאל.** יא, איצט מוז מען אייך אודאי דאקוטשען... אונ צו ליעב מיר...

**יואל.** אזוי ווייזט עס אויס; דיינע שונאים זעהען אז דער חרם אארט דיך ניט אזוי שטארק, ווילען זיי זיך אן אונז נוקם זיין.

**אסתר.** שרעקק דיך ניט, מיין קינד, מיר טהוט מען גאר נישט.

**ראובן.** מען וויל גאר מיט אונז ניט רעדען, מען ענטלויפט פון אונז. נא קאנן מען דאך אזוי גיך דערשטיקקט ווערען, וועלען מיר בעססער אוועק פאהרען.

**אוריאל.** (אן א זייט) אוי, בלינדע!

**אסתר.** חאר אויס, מיין קינד, ווי איך זעה, איז דיר שווער אויסצוקומען מיט אונזערע יודען... נא, איך וועל דאך ממילא ניט לאנג גאך לעבען... אז עס וועט קומען מיין לעצטע שעה, אונ מיינע אויגען וועלען זיך אפפענען אויף דער אמתר וועלט, וועל איך דערזעהען מיינע קינדער... גאטט ווייססט צו וועל איך דיך אויך געפינען צווישען זיי... (זי וויינט אפים ציימט זיך אזוי לאנג מנשה'ס טאכטער.

**יואל:** מֶען הָאט דאכט זיך, אַקְלַאפּ גֶעטְהוּן מיט דֶער טְהִיר.

**ראובן:** אִיךְ הָאר מֶען גֶעהט

---

## זיעבֶּעטֶער אויפְטְרִיט.

די פאריגע אונ יהודית.

**יהודית:** אִיהר הָאט מִיךְ גֶעוואָלְט וֶועהן מַיינֶע לִיעבֶּע הֶערְצֶען? אונ אויך אִיהר, לִיעבֶּע אַלְטֶעטְשֶׁקֶע? (זי בעטראכט זיי אללע)? אוּרִיאֵל, דָאס מוּז גֶעוויסס זַיין אוּנְזֶער מוּטֶער? (זי קוססט איהר די האנד).

**אסתר.** גֵיין, גֵיין, נְשָׁמָה'נִיוּ! לָאס אִיךְ דִיר אַ קוּשׁ טְהוּן.

**יהודית:** שׁוין לַאנְג הָאבּ אִיךְ גֶעוואָללְט אַייעֶר בְּרָכָה הָאבֶּען, קֶענֶען אויפְ'ן פָּנִים דִי מַאמֶע פוּן אַזַא זוּהן.

**אסתר** אַזוֹי, טָאכְטֶער מַיינֶע; לוּיבּ אִיהם וֶועל אִיךְ דִיךְ דֶערְפַאר לִיעבּ הָאבֶּען.

**יהודית:** עֶס וֶועט קוּמֶען אַ צַייט וֶוען אַללֶע וֶועלֶען אִיהם לִיעבּ הָאבֶּען, דֶערְוַוייל לָאז עֶר זִיךְ בֶּעגֶעהֶען מִיט אוּנְז.

**אסתר:** ווי זִיסס זֶענֶען דַיינֶע וֶוערְטֶער, דַיין פָּנִים שְׁוֶועבְּט מִיר פַאר מַיינֶע בְּלִינְדֶע אוֹיגֶען... נָאר וָואס קָאנְן אִיךְ אָבֶּער טְהוּן, אַז פַארְ'ן טוֹידְט קָאנְן אִיךְ דִיר אֲפִילוּ נִיט צוּ זָאגֶען, אוּרִיאֵל זָאל דִיר פוּן מִיר אַ יְרוּשָׁה בְּלַייבֶּען.

**יהודית.** מִיר? זַיין צוּקִינְפְטִיגֶער פְרוֹי?

**אסתר.** זַיין פְרוֹי? זַיין פְרוֹי וֶועסְט דוּ קֵיין מָאל נִיט וֶוערֶען... דַארְפְסְט נִיט דֶעם טַאטֶען דַיינֶעם

אנטהון אזוי פיעל צרות; פון דעם מאטענס שטוב טהארסט דו ניט
ענטלויפען. דו גיסט ביי איהם איינע, איין אוג אין קאפף.

**יהודית** וואס האר איך, אוריאל? וואס רעדט זי? אט,
אפנים דו ווילסט ניט? (זי בעטראכט איהם
לאנג) זיי מיר מוחל, דו גרויסער גאטט! איך האב מיר ערלויבט
האפפען אז פאר אזא ליעבע מוז איך אמאל גליקקליך לעבען אויף
דער וועלט. (זי פאלט אסתר'ן צו די פיסס).

**אוריאל.** (בעטראכט לאנג אללע) יא, גערעכט ביסט דו
דע-סילווא, מיט דעם וואס דו זאגסט אז ביי
אונזער פאלק איז ניטא קיין שטארקערעס פון פאמיליענליעבע
(הויך) נא, וואס-זשע שווייגט איהר? זאגט שוין ארויס ביז לאנג
וועל איך מיך מוטשען...

**יהודית.** ער האט אונז שוין מעהר ניט ליעב, טהייערע
מוטטער!

**אוריאל** ניפט האט זיך צוזאמען אין מיין ברוסט, איך
זאלל נאר קאנען וואלט איך געשריען ווי א
פערוואונדעטער לייב... א, קוקט ניט אויף מיר מיט אזעלכע
טרויעריגע פנימער... די טהרענען וואס איהר פערגיעססט
וועגען אנאר ניט געגען דעם פייער וואס ברענט אין מיינע טרוקענע
אויגען. איהר שווייגט? איך ווייס אויף וואס איהר ווארט! איהר
ווילט מיין שכל זאל איך אונטערגעבען דעם הערץ, מיין איבער-
ציינונג — דער ליעבע? נא, לאז-זשע זיין אזוי! וואס-זשע ארט עס
דיך אזוי, דו שטאלצער פערשטאנד, וואס ארבייטסט דו
אזוי מעשים? לאז אראב דעם קאפף, דו אומגליקליכער בעל
גאוה'ניק, האר אויף צו קריצען מיט די צאהן, בעג זיך ביז צו
דער ערד, ווי א ווארם זאללסט די קריעכען אלע מאל נידריגער
און נידעריגער. זעהסט דו דען ניט וואס פאר א אויגען עס קוקען
אויף מיר? פיהלסט דו דען ניט אז איך בין שוואך, אז איך האב

מיך ניט וואו צו בעהאלטען ?... מאכט וועט אללע צו די אויגען ? קוקט ניט אויף מיר אזוי שטארק ! דו, בלי... , מאמע , מאך אויך צו דיינע אויגען ! גענוג... לאזט מיך... איך געה... איך לויף ... ( ער לויפט ארויס ).

יהודית . איצט זעה איך אז פאר דער מאמען האט ער אללעס געאפפערט .

אסתר . ניין , דאס האט ער פון דיינעטוועגען געטוהן !

יואל . געלויבט איז גאטט , איצט וועט ער זיך געוויסס אבזאגען .

אסתר . מיין טהייערע , גאלדענער אוריאל ! לאזט מיך צו איהם , איך וויל איהם אויסקושען איטלעכ׳ס אבר , איז דענן נאך דא ערגיץ אזא ריינע כשר׳ה נשמה ? קוממט גיכער ... אין די גאססען וועל איך שרייען ; קוקט , יודען , אט דאס איז א זוהן וואס האט אמת ליעב זיין מוטטער !... ( מען פירט זי אוועק ) .

יהודית . ( אלליין ביין פענסטער ) ער לויפט גאר אן אנ־אטהעם... אונ גלייך צו דער שול , אבער פלוצים איז ביי איהם אזא פערענדערונג געווארען... קאנן זיין ... איך האב דא גאר אנגעארבייט די גאנצע תחונה !

(דער פארהאנג -פאללט)

# פִירְטֶער אַקְט.

(אַ צִימֶער נֶעבֶען דֶער שׁוּל, דִי וואַנד פֶערהאַנגֶען מִיט מִזְרָח'ן).

## עֶרְשְׁטֶער אוֹיפְטְרִיט:

דע־סאנטאס און דע־סילווא.

**דע־סילווא.** אַזוֹי זָאגְט אִיהר, הָאט מֶען קֵיינֶעם צוּ אִיהם דִי גַאנְצֶע צֵייט נִיט צוּ גֶעלָאזְט?

**דע־סאנטאס.** פֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ, אַללֶעדִינְג גֶעהט עַל פִּי דִין, לָאז עֶר פִיהלֶען אַז עֶס אִיז דָא אַ גָאטט אוֹיף דֶער וֶועלְט!

**דע־סילווא.** גָאטט הֵייסְט זִיכֶער נִיט וַוארְפֶען מִיט שְׁטֵיינֶער.

**דע־סאנטאס.** דָאס פָאלְק קָאנן מֶען נִיט אַיינְהַאלְטֶען אַז עֶס צוּ הִיצְט זִיךְ, אַוַדַאי הָאט עֶר שׁוֹין אַרוֹיס גֶעזֶעהֶען ווִי אַזוֹי דֶער הַמוֹן־הָעָם קוּקְט אוֹיף אִיהם, עֶר אִיז נָאר צוּ גֶעקוּמֶען צוּ דֶער שׁוּל, אִיז מֶען אִיהם בֶּעפַאלֶען; אִין אֵיין מִינוּט אִיז עֶר שׁוֹין גֶעלֶעגֶען צוּהַרְג'ט, דִי קְלֵיידֶער צוּרִיססֶען, אוּנ אַזוֹי אִיז עֶר אִיצְט פֶערְשְׁלָאססֶען אִין אַ חֶדֶר מְיוּחָד, עֶר זָאלל תְּשׁוּבָה טְהוּן אוּנ זוֹכֶה זַיין צוּ בֶּעקוּמֶען אַ מְחִילַת עָוֹן.

**דע־סילווא.** גָאט מָאג אִיהם שׁוֹין מוֹחֵל זַיין... הָאט מֶען אִיהם גֶעזָאגְט, אַז זַיין מוּטֶער אִיז קְרַאנְק?

**דע־סאנטאס.** דִי בְּרִידֶער זַיינֶע זֶענֶען דָא שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעוֶוען, אוּנ הָאבֶען גֶעוָואלְט אִיהם דָאס מוֹדִיעַ זַיין; מֶען דַארְף אִיהם אָבֶער נִיט מְבַלְבֵּל זַיין, עֶר וָואלְט נָאךְ גֶעקָאנְט מֵיינֶען, אַז דֶער חֵרֶם אִיז דָא שׁוּלְדִיג.

**דע־סילווא.** (אָן אַ זַייט) אִיבְּרִיגֶע רַחֲמָנוֹת!

**דע־סאנטאס.** יְהוּדִית, דִי חֲצוּפָה, מְנַשֶּׁה'ס טָאכְטֶער, הָאט

דא אויך עטליכע מאל געבעטען מען זאל די ארײנלאזען !

**דע-סילווא.** נא, האט מען אידר אויך מן הסתם אבגעזאגט ? . . . ווייסט אידר אבער וואס דא טהוט זיך ? נאנץ אמשטרדם קלינגט שוין מיט מנשה'ס אנזעטין. בן-יוחאי האט איהם צוליעב דער טאכטער אונטערגעשטעלט א פוסט, אונ אזוי געדרעשט דאס דרעהדיל, אז דער אלטער טאטע זאלל מוזען אדער גנבה וגזול ווערען, אדער איינבעטען די טאכטער, זי זאלל נעהמען בן-יוחאי'ן. נו, איז נאך עפיס א שאלה, צו יהודית וועט ניט וועללען מציל זיין דעם פאטער פון אן-אומגליק ? זי וועט זיך אודאי מוזען ענטשליעססען אויף דעם, וואס אוריאל קאנן זיין, טהוט איצט צוליעב דער מוטטער זיינער, צוליעב די ברידער. אונ אללעם וואס געהט איצט פאר, ווייסט ער גאר ניט

**דע-סאנטאס.** ביז עס וועט זיך ניט ענדיגען זיין יום החתנה, טהאר ער ניט האבען קיין שום מגע ומשא מיט מענשען, הן בכתב והן בעל פה.

**שמש.** ס'איז דא א בריעף צו אקאסטא ?

**דע-סאנטאס.** ווייסטו דענן ניט אז מען טהאר פון זיינעט וועגען קיין שום בריעף ניט צו נעהמען.

**שמש.** א ברודער זיינער האט געבראכט אונ בעט בדמעות שליש מען זאלל איהם אבגעבען.

**דע-סאנטאס.** נעהם גיעב צוריקק אב דעם בריעף ; עפ"י דין טהאר קיינער ניט צוקוממען צום חוטא . . .

(דער שמש נעהט).

**דע-סילווא.** זייט מיר מוחל, רבי, נאר איך וועל אייך פרעגען : וואו שטעהט עס געשריעבען אז צו א בעל תשובה טהאר מען אפילו קיין טרייסט ניט צולאזען ? אידר ווייסט גאנץ גוט, אז צו דער תשובה האבען איהם געבראכט די מוטטער

את יהודית. אונ מתוך שלא לשמה הוא בא לשמה, צו וואס זשע דארף מען ביי איהם צונעהמען די פריינדשאפט וואס קאנן איהם נאך גיבער שטארקען דאס הארץ, מחזק זיין אין דער גרויססער מצוה וואס קיין צדיקים גמורים קאננען צו איהר אפילו ניט קוממען.

**דע-סאנטאס.** אט באלד וועט די גאנצע זאך א'נ-עקק נעהמען; אונזער אב בית דין, ר' עקיבא, קוממט באלד אהער אונ וועט אקאסטא'ן אלליין איבערגעבען דאס פאפיער וואס ער וועט דארפען איבערלייענען פאר אללע אין שול. געהט זשע איהר דער וויל אין שול אריין, מיר וועלען באלד אנקוממען.

**דע-סילווא.** ערהדער איך געה אוועק, בעט איך אייך, איהר זאללט איהם מיט מעהר רחמנות בעהאנדלען; פערגעססט ניט אז איהר בעקוממט גאר א'נ-אנדער חיזק וואס אקאסטא ניט זיך אייך אונטער. איך וואלט שוין געוואללט זיין אלטער מיט היינטיגען טאג, איך האב זעהר מורא איהר זאלט ניט דארפען חרטה האבען אויף זיין חרטה. (ער געהט אוועק).

---

## צווייטער אויפטריט.

דע-סאנטאס, ר' עקיבא איין אלטער מאן, צוויי מענשען פיהרען איהם, וואן דער עמדן אונ אוריאל.

**בן-עקיבא.** איז שוין פערטיג דאס פאפיער פאר'ן בעל-תשובה?

**עמדן.** יא, אויף פארמיט איז עס אויפגעשריעבען.

**בן-עקיבא.** נא, לאז מען זשע אריין פיהרען קודם כל דעם בעל-תשובה. זעצט זיך אנידער, רבותי, מיר וועלען זיך נוהג זיין ווי אונזערע עלטערן האבען געטהון; קיין

נייעס איז ניטא אויף דער וועלט, אין כל חדש תחת השמש, הכל חיה, אללדינג איז שוין געוועזען.

**דע-סאנטאס.** באלד וועט מען אריינברענגען אקאסטא.

**בן-עקיבא.** זיצט רבותי, „הכל היה", אט אללדינג וואס דער הייינטיקער פערשיידטער דור מיינט אז ס'איז נייעס, איז עס שוין געוועזען; חקרנים, אפיקורסים, בעלי כתות — דאס איז שוין געוועזען. אין דער הייליגער גמרא, גלויבט מיר, געפינען מיר אללדינג. (אקאסטא קומט אריין) זעץ דיך, אוריאל, נישט קשה, דארט שטעהט, דאכט זיך, א באנקעל, הא? זעץ דיך!

**דע-סאנטאס.** היום קצר והמלאכה מרובה, צו א קליינע צייט האסטו אוריאל אויסגעקליבען פאר דיין תשובה.

**בן-עקיבא.** לאזט מיך רבותי מיט איהם א ביסעל רעדען. ס'איז ניטא קיין נייעס אויף דער וועלט, הכל היה! אט זעהסטו, יונגער מאנן, צוויי וועגען זענען דא פאר דער חברה וואס ווערדט א ביסעל געהאפט אין ענין פון חקירות, פון ספקות, וואס קריעכט, רחמנא ליצלן, אראב פונ'ם דרך הישר, פון דרך אמונה, — איינער איז א קורצער אבער א שווערער, דער אנדערער איז א לאנגער און דערפאר א ביסעלע גרינגער.

**אוריאל.** דעם קורצען, דעם קורצען וועג וויל איך! דערהרג'ט מיך אבי גיכער! גיט מיר אזא גיכען טוידט, איך זאלל גאר קיין צייט ניט האבען עפעס צו טראכטען.

**בן-עקיבא.** נא, אט זעהסטו, יונגער מאנן, אט רעדסטו שוין ווי א קינד! צו וואס דארפסטו זיך אזוי אײלען? דיין חרטה איז ניט פאר אונז נאהטיג, טאקי נאר פאר דיך אליין! נא, אז מיר אלטע יודען וועלען ניט דערלעבען, איז

דָא אַ בּוֹרֵא עוֹלָם וָואס לֶעבְּט עֶבִּיג, וֶועט עֶר פוּן דִיר תַּאֲוָה הָאבֶּען.

**אוריאל.** ווִי פִּיעל זֶשׁע מָאל וֶועל אִיךְ אַיִיךְ נָאךְ דַארְפֶען אִיבֶּערְחַזֶר׳ן דָאס, וָואס אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג מוֹדֶה גֶעוֶועהן?

**בן־עקיבא.** נֵיין, נֵיין, אִיךְ ווֵייסס אַז דוּ בִּיסְט שְׁטַארְק אַרָאבּ גֶעפִירְט גֶעוָוארֶען פוּנ׳ם אַפִּיקוֹרֶסֶת... ס׳אִיז אֲפִילוּ קֵיין נַייעֶס נִיט, הַכֹּל הָיָה... נָאר אִיצְט פְרֶעג אִיךְ דִיךְ צוּם לֶעצְטֶען מָאל: בִּיסְטוּ זִיךְ מִתְוַדֶה בְּלֵב טָהוֹר, אַז מִיט דַיין סֵפֶר הָאסְטוּ גֶעטְהוּן אַ חִלוּל הַשֵּׁם, הָאסְט גֶעלֶעסְטֶערְט אוּנְזֶער הֵיילִיגֶען גָאטְט?

**אוריאל.** יָא, גֶעגֶען גָאטְט, גֶעגֶען יוּדִישֶׁען גָאטְט הָאבּ אִיךְ גֶעזִינְדִיגְט, אִיךְ בִּין עֶס מוֹדֶה!

**דע־סאנטאס.** דָאס אַלֶעס וָואס דוּ הָאסְט דָא מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען אִיז פַאלְשׁ, דוּ בֶּעוַוייז אוּנְז — אִין וָואס הָאסְטוּ אֱמוּנָה? אִין וָואס ווִילְסְטוּ לְכָל הַפָּחוֹת מֶען זָאלל מֵיינֶען אַז דוּ גְלוֹיבְּסְט?

**בן־עקיבא.** וָואס רֶעדְט אִיהר בֶּעוַוייזֶען, ווִי קֶאנְנְט אִיהר זָאגֶען בֶּעוַוייזֶען? טָאר מֶען רֶעדֶען אַזוֹי רֶעדֶען מִיט אַזַא פֶערְפִירְטֶען, מִיט אַזַא חוֹלֵה הַנֶפֶשׁ? אִיז רֶעדֶען מֶעגְלִיךְ צוּ בֶּעוַוייזֶען דָאס וָואס מִיר גְלוֹיבֶּען? ווִי טָאר מֶען גָאר פַאר דִי לִיפֶּען בְּרֶענְגֶען אַזַא וָוארְט, וָואס אִין זֶעם לִיעגְט שׁוֹין אַגַאנְץ שְׁטִיק אַפִּיקוֹרֶסֶת? דִי זוּן אִיז בֶּעווִיעזֶען — זִי שַׁיינְט; דָאס פַייעֶר אִיז בֶּעווִיזֶען — עֶס בְּרֶענְט; דִי תּוֹרָה אִיז בֶּעווִיעזֶען — ווַייל זִי אִיז מִן הַשָּׁמַיִם! ווִי טָאר מֶען גָאר פְרֶעגֶען? ווִי קֶאנֶן מֶען גָאר מְהַרְהֵר זַיין? ס׳טַייטְשׁ, ס׳טַייטְשׁ!...

**עמדן.** נָא זָאג זֶשׁע אוּנְז אַזוֹי, אִין וָואס גְלוֹיבְּסְטוּ?

**אוריאל.** אֲנִי מַאֲמִין — הָאבּ אִיךְ אַייךְ שׁוֹין לַאנְג גֶעזָאגְטוּ

איך גלויב אז נאר מיר זענען די גראססטע חשובים ביים אויבערשטען, נאר אונז האט ער געמאכט פאר זיינע „אתה בחרתנו־ ניקעם", אונ האט אונז געגעבען זיין תורה וואס יעדעס אות דארף ביי אונז טהייער זיין ווי גאטט אלליין. איך גלויב אז מיין נארישער שכל האט מיך פערפיהרט, אז גאטט'ס דרכים טהאר מען ניט נאכקלערען, איך גלויב אז מען דארף גלויבען, אונ דאנק אייך זעהר דער פאר וואס איהר האט מיך בעפרייעט, איך זאלל עס אייך ניט דארפען בעווייזען.

**ד ע ־ ס א נ ט א ס.** אין דיינע ווערטער ליעגט נאך אין גאנצען דאס פריהעריגע גדלות.

**ב ן ־ ע ק י ב א.** הער מיך, אקאסטא, קלויב דיר אוים דעם לאנגערן וועג, וועסטו אלליין זעהען ווי אללדינג; וואס דו ביסט איצט דערויף מודה, וועט דיר טיעף אין הערץ אריין; פאלג מיך, מיין קינד, געה מיט דעם וועג, וועסטו בעקוממען א רפואה צו דיין קראנקער נשמה. אז דו ווילסט לערנען — מאגסטו, נאר די גמרא זאללסטו לערנען; אין דעם גרויססען ים התלמוד זאללסטו שווימען, דאמאלס וועסטו געוואר ווערען, אז דו ביסט ניט דער ערשטער, וואס האט זיך פערבלאנזעט נאר דערפאר וואס ער האט געוואלט צופיעל וויססען. (צו די אנדערע רבנים) ס'איז א מאל געוועזען א גרויססער אפקורס, אלישע־בן־אבויה האט ער געהייססען, א רבי האט ער געהאט א גרויססען תנאי, אונ א תלמיד נאך א גראססערען, ר' מאיר, אונ נאר דער פאר וואס ער האט געוואלט זיין צו א קלוגער (ער שטעהט אויף) האט איהם דאס פאלק פערשאלטען ... פונקט אזוי ווי דו ביסט איצט, אזוי איז דעמאלט געוועזען אלישע. מען האט אויף איהם געשפיגען קלעק, אונ זיין נאמען איז געווארען למשל ולשנינה. מען האט גאר זיין זכר ניט געוואללט דערמאהנען, אונ מען האט איהם גערופען אחר ווייל ער איז געווארען אן־אנדער מענש ... אונ אז ער איז געשטארבען איז פונ'ם קבר גאנץ לאנג געגאנגען א גרויססער רויך.

ביז ר' מאיר מיט זײנע תּפילות האָט אויסגעבעטען זײן נשמה פונ'ם גיהנום... אַזאַ מין אַחר בּיסטו איצט, אוריאל, ס'איז גאָר קיין נײעס ניטאָ, הכּל הוה!...

**אוריאל.** דער רויך איז געװען דאָס פײער פון זײן נשמה װאָס מען האָט לעבעדיגערהײט אין דער ערד

אַרײנגעלעגט! יאָ, איהר האָט רעכט װאָס איהר רופט מיך אַחר; אמת, אַנ'אַנדערער בּין איך און אײן אַנדערער װעלל איך תּמיד זײן, װײל אין דעם ליעגט דאָס גאַנצע טיעפקייט פון אונזער חכמה. האָרט אויס מ ײ ן פּירוש! איך מײן אַז אַחר איז גאָר קיין מאָל אויף דער װעלט ניט געװען, מיט דעם װאָרט „אַחר" האָט דער תּלמוד נאָר געװאָללט אונז פערשטעהען געבען װאָס הײסט רײן דענקען: אַחר, הײסט אײן אַנדערער, און טאַקי גאָר אינ'ם אַנדערן, ניט אין זיך אַלליין קאָנן דער מענש פערשטעהן װאָס ער איז און װי אַזױ ער ד אַ ר ף ז ײ ן. קוקען אויפ'ן אַנדערן, בּעטראַכטען עפּעס אַנדערש, הײסט קלאָרען, דענקען, מטיל ספק זײן, און נאָר פון ספק קומט אַרויס דער אמת'ר גלויבּען. די בּעלי גמרא זענען געװען קליגער פון אונז, און דערפאַר האָבען זײ בּעשאַפען אַזאַ מין אַחר, װאָס האָט אַ פרומען רבּי'ן און נאָך אַ פרומערן תּלמיד. צװישען צװײ תּנאים האָבען זײ אַרײנגענומען אײן אַחר, כּדי צו װײזען אַז אמת'ע פרומקייט שטאַממט אַרויס פון ספקות...

**בּן־עקיבא.** װי געפאַללען אײך די נײע תּורות, רבּותי! אלישע־בּן־אבויה איז גאָר אויף דער װעלט ניט

געװען, אין אַללדינג גלויבּט מען ניט און דאָס װאָס עס שטעהט געשריעבען אין דער הײליגער גמרא איז נאָר אַ משל! נײן, אַזעלכע חקירות זענען ניט פאַר אונזער מוח... גיט איהם דאָס פאַפּיער!

**ד ע ־ ס א נ ט א ס.** (גיט אַקאַסטאַ'ן דאָס פּאַפּיער). נאָר די צײט אַלליין װעט דיך אפשר קאָננען איבּער מאַכען.

ווייטער וועט דיר קיינער ניט העלפען, איך זעה אז דיין הערץ איז נאר פרעמד פון דעם וואס דו האסט דא פריהער געזאגט איצט בלייבט דיר נאך די לעצטע שפיעל. באלד וועסטו אין שול פארן נאנצען עולם מודה ומתודה זיין. אפשר וועסטו דיר דארטען מעהר נאך אין הערץ אריינגעהמען.

אוריאל. אין שול, פארן גאנצען עולם?

בן־עקיבא. קוק־ושע דיר פריהער גוט איבער דאס פאפיער, זאללסט עס הויך און פריי לייענען פארן גאנצען עולם... נא דיר א תורה! אחר איז אן־אויסגעבראכטע זאך!... אט דו לעבסט דאך, פאר וואס־ושע איז דיר אזוי שווער צו גלויבען אז אלישע־בן־אבויה האט אויך געלעבט?...

אוריאל. יא, איהר האט רעכט, צופיעל רעכט, איך לעב...

בן־עקיבא פערשטעהט זיך, נא האט אחר אויך געלעבט פאלג מיר און ווארף אוועק די נארישע חקירות, וועט אודאי גלייבער זיין פאר דיר, וויללסט אלץ אויפטרון חכמות... ניטא קיין נייעס... הכל היה... נאר דארטען, אויבען, ביים לעבעדיגען פאטער, איז דא נייעס... לערען, מיין קינד, געהם זיך צו דער היילינער תורה, וועסטו וויסען אז ס'איז שוין אללדינג געוועזען, דו ביסט ניט דער ערשטער און, בעוונותינו הרבים, ניט דער לעצטער אחר... מיר ווייסען שוין... הכל היה! (אללע רבנים געהען אוועק).

---

## דריטטער אויפטריט.

אוריאל און ראובן.

אוריאל. (אלליין) נאך שווארצער פון די אותיות אויף

דעם פּאַרמיט, איז בײַ מיר אין הערץ די בושה פון דער וידוי אָנגעשריבען! מײַנע וואונדען וועלען זיך אזוי גיך ניט פערהײלען, אונז ווענן יאָ, וועלען בלײַבען אזוינע צייכענס, וואס שטעהען ניט אָן קיין גבור... הײַנטיגע נאכט, אין דעם פינסטערען חדר, וואו מען האט מיך פערשלאָססען, האט זיך מיר געחלומט מײַן מוטטער, זי איז מיך געקוממען טרײסטען, אונ מיט איהר אין אײנעם איז געשטאַנען פאר מײַנע אויגען מײַן טרײַע, גוטע יהודית... נאר גיך איז דער חלום אַוועק, אונ איך בין אויפגעשפּרונגען מיט בײַם פונקט ווי נאַלילעאוס... אַ, נאַלילעאוס! אַז מע האט דיך געמוטשעט האסט דו געמוזט מודה זײַן אז די ערד דרעהט זיך ניט, אונ קוים האט מען דיך נאר אויף איין מינוט פרײַ געלאזט — האסטו שוין ווי אַ דונגער אָנגעהויבען שרײַען: די ערד דרעהט זיך פאָרט!" אט די ווערטער גיעבען מיר קיין רוה ניט, אונ וואו איך שטעה אונ געה, קלינגט מיר אין די אויהערן; זי דרעהט זיך פאָרט!" (אונטער די קוליסען זינגט דאס כהאר א קאפּיטעל תהלים) זינגען הער איך! ווי קלינגענדיג רײַן זעגען די קינדערשע קולות! גרויססער גאטט! דו ווייססט ווי מײַן הערץ איז צובראָכען, ווילסטו דענן מען זאלל דיר דיענען מיט קנאה אונ שנאה, הײסטו דענן איין אומגליקקליכען צום איבעריגען דערשלאָגען!...

ראובן. (אונטער די קוליסען) לאָזט מיך, איך מוז איהם זעהן, לאָזט מיך!

אוריאל. דאס קול פון מײַן ברודער הער איך!

ראובן. (קוממט אריין) אוריאל!

אוריאל. אײַערע ליעבע וועט מיר נאטהיג זײַן נאך דער בושה, ניט פריהער.

ראובן. מען וויל אונז ניט צולאָזען צו דיר, אַ ברודער זאלל ניט טהאָרען זעהען אַ ברודער! אוריאל,

טרעטט אב! די גאנצע משפחה האט מיך געשיקקט — דו זאללסט זיך ניט אבזאגען, מיר װעלען בעססער ליידען, אוג דיך ברענגען צו א בזיון װיללען מיר ניט.

**אוריאל.** חײליג האב איך עס געשװארען דער מאמען אונ מוז ...

**ראובן.** דער מאמען ... יא, װען זי װאללט נאך האטש געלעבט! מיר האבען אידר שוין אבער די אויגען צו געמאכט, די בלינדע אויגען װאס האבען דיך פארן טוידט אין אללע װינקעלעך געזוכט.

**אוריאל.** װאס זאגסטו, אונזער מאמע איז שוין ניטא?

**ראובן.** מיין בריעף האט מען דיר ניט געװאללט איבער־געבען, האב איך מיך מיט געװאלד אהער אריינגעהאפט. יא, מיין ליעבער ברודער, ניטא שוין אונזער טהייערע מאמע, אויפ'ן עולם האמת איז זי ...

**אוריאל.** זי איז ניטא? גרויסס איז מיין שמערץ! נאר איין נחמה האב איך פארט, װאס פאר'ן טוידט האט זי מיך שוין גערעכענט פאר א בעל תשובה, נאך עהדער איך האב מיך אזוי פיעל אנגעליטטען.

**ראובן.** מיר בעטטען דיך, זאג זיך אב פון דער תשובה מיר װעלען בעססער ארוים קיין האאג; משנה מקום, משנה מזל ...

**אוריאל.** װאס זאגסטו װייטער? װייססטו, דענן ניט או איך מוז מיך שוין אבזאגען? מיין הערץ איז אין גאנצען פערקויפט, איין העלפט פון דער מאמען האב איך איצט צוריקק בעקומען; די אנדערע העלפט אבער ...

**ראובן.** געהער יהודית'ן ... הער מיך אוים, ברודער ...

**אוריאל.** ניין, לאז מיך! איך מוז געהן! מיך רופען, מיר װינקען די אויגען פון ליעבע! (ער לויפט אװעק).

## פירטער אויפטריט:

(א שול העלל בעלייכטעט, רבנים, פאלק, אוריאל לויפט אריין. ראובן לויפט איהם נאך).

**דע-סאנטאס.** אט דא, ביים ארון קודש, פאר דער גאנצער עדה, זיי, אוריאל אקאסטא, חוזר בתשובה.

**ראובן.** ווארט, ברודער... נאך איין ווארט... יהודית...

**אוריאל.** אט דאס איז דער נאמען וואס הייסט מיינע שוואכע פיסס שטארקער געהען (ער געהט צו צום ארון קודש).

**ראובן.** ער ווייסט ניט, דער אומגליקליכער, וואס ביי מנשה'ן אין שטוב טהוט זיך... ער ווייסט ניט אז זיין יהודית איז שוין פאר איהם אויף עביג פערלארען.

**דע-סאנטאס.** הערט אוים יודען! האזינו זאת בני ישראל!

**אוריאל.** (לייענט) „איך, אוריאל אקאסטא, פון פארטוגאל, א יוד געבארען, בין דא מודה ומתודה פאר גאטט, אז איך בין זייגע חסדים ניט ווערטה... נאך א קליין קינד בין איך געווארען א כריסט מיט'ן מויל, און אין הערצען בין איך געוועזן פרעמד דער רעליגיאן... און אז איך בין נאך דעם ווידער געווארען א יוד, בין איך צו דער אמונה אויך פרעמד געבליעבען... ביידע רעליגיאנען האב איך פיינד געהאט, נאר נאך מעהר איז מיר נמאס געווארען מיין פאלק; איך האב געטהון אללדינג וואס מען טהאר ניט. פון היילינע זאכען האב איך געשפאט, און האב אנגעשריעבען א ספר וואס האט מיין מאמען מקצר ימים געוועזן...

**ראובן.** (אן א זייט) דו ביסט אין דעם ניט שולדיג!

**אוריאל.** (לייענט) „מיין פעדער איז בלוט, מיינע מחשבות — גיפט, מיין דענקען — פאלש:

אללדינג וואס איך האב גערעכענט פאר קלוג, פאר אמת — איז שקר וכזב. די תורה, די נביאים, האט מיין קליינער שכל ניט פערשטאנען (ער לייענט ווייטער מיט א ציטעריג קול, אונ שטעהט קוים איין אויף די פיסס) איך האב פערדיענט דער פאר די גרויססע שטראף, די קללה פון מיין פאלק... איצט וויל איך אבקומען פאר מיינע זינד, אונ כדי צו בעווייזען אז אין מיין הערץ איז שוין מעהר ניטא קיין גאוה... בין איך מוכן ומזומן... דא ביי דער טהיר... זיך אניעדערלעגען... אונ יעדער פון אייך זאלל מיך... (ער פאללט אניעדער).

**ראובן.** גערעכטער גאטט, וואס הער איך?

**דע־סאנטאס.** (לייענט). אונ יעדער פון אייך זאל איהם מיט די פיסס טרעטטען!' (מען טראגט אוריאל'ן אוועק).

---

## פינפטער אויפטריט.

בן יוחאי אונ דע־סילווא קוממען גיך אריין.

**דע־סילווא.** וואס ווילט איהר טהון, בן יוחאי? איהר מאכט אייך שאמען, טהאר מען דען זיין א נוקם ונוטר?

**בן־יוחאי.** (קוקט אין די קוליסען) לאז ער איצט פיהלען, דער בעל גאוה, ווי אזוי ס'איז גוט זיך צו מאלגערן אין שטויב! לאז ער פיהלען אז ניט שטאנדיג קוממט אזוי אוים ווי מען נעהמט זיך פאר. יהודית איז מיינע, אונ זיין גאנצער בנין איז נאר צוליעב א פוסטען שאטטען! (ער געהט אוועק).

**דע־סילווא.** ווער קאנן דעם איבערשטענס דרכים פערשטעהען!? אט דרעהט זיך דאס ראדעל...

בן יוחאי איז שוין ווידער בעגליקט, און אז דער מענש העבט נאר אויף א קאפף, פערגעסט ער שוין אז מען קאנן ווידער פאללען . . . וואס האר איך ? עפּים א געטוממעל, א רעש ? (ער קוקט אין די קוליסען) אהא ! בן יוחאי האט דווקא געוואלט איבער איהם איבערטרעטען מיט די פיסס ... אקאסטא איז אויפגעשפּרונגען... אין כעס... אללע לויפען אהער...

---

## נעכסטער אויפטריט.

(דע-סאנטאס, פאלק, בן-יוחאי און אוריאל, לויפען אללע ארויס) .

**דע-סאנטאס.** א חלול השם, א גרויסער חלול השם !

**אללע.** ער בעווייזט ווייטער זיין אפּקורסת .

**אוריאל.** שווייגט אללע, איך קענן אייך גוט ! אט איז דער שאנער גביר, בן יוחאי ! דאס האסט דו מיך מיט'ן פוסס א קלאפּ געטהאן !

**דע-סילווא.** מן השמים איז אייך שוין אוריאל אזוי בעשערט, מען מוז אללדינג איבערטראגען .

**בן-יוחאי.** אויב דיין גאנצע כוונה איז געוועזן יהודית, האט דיך גאטט שוין בעשטראפט : מיט איהר קעדרסטו דיך שוין מעהר ניט אן ; זי איז מיינע !

**אוריאל.** וואס האר איך ?

**דע-סילווא.** געגען מזל קאנן מען ניט געהען... זאללסט נאר וויססען וואס האט זי געבראכט דערצו... וואס קאנן מען טהון ! מע מוז ליידען !

**אוריאל.** (שטעהט עטליכע סעקונדען פערטראכט) צו ליעב מתים, דע-סילווא, האב איך מיר דאס לעבען געגומסטען... אך, ווי שוואך זענען מיר — מענשען !

**ד׳עסאטאס.** הַמַתְחִיל בְּמִצְוָה אוֹמְרִים לוֹ גְמוֹר, ווילְלְסְטוּ עֶנְדִיגֶען די תְּשׁוּבָה? עֶס הָאט זִיךְ נָאר וָואס אָנְגֶעהוֹיבֶּען...

**אוריאל.** אַזוֹי? נָאךְ נִיט אַללֶעס גֶעעֶנְדִיגְט? הָארְט וָושֶׁע וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען: "דִי עֶרְד דְרֶעהט זִיךְ פָאַרְט!"

**דע-סילווא.** (אָן א זייט) גַאלִילֶעאוּס'עס וָוארְטֶער.

**אוריאל.** אִיצְט מָאגֶען שׁוֹין די שְׁטֵיינֶער אַרָאבְּפַאללֶען פוּן מַיין בְּרוּסְט, מַיין צוּנְג מָאג אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען וֶוערֶען, מַיין פֶערְשְׁטַאנְד מָאג זִיךְ אוֹיפְכַאפֶּען פוּנ׳ם שְׁלָאף אוּנ וִוי שִׁמְשׁוֹן הַגִבּוֹר צֶערְרַייסֶען מִיט אֵיין רִיהר די שְׁוֶוערֶע קֶעטֶטֶען. מִיט מַיינֶע שְׁוַואכֶע הֶאנְד וֶועל אִיךְ אוּמְוֶוערְפֶען אַייעֶרֶע זַיילֶען... עֶה׳דֶער די פַאלְשֶׁע דְלִילָה הָאט מִיר נָאךְ אָבְּגֶעשׁוֹירֶען די הָאר, קָאנן אִיךְ נָאךְ אוֹיפְהֶעבֶּען מִיט שְׁטָאלְץ מַיין קָאפּף אוּנ אַייךְ זָאגֶען בִּפְנֵי כָּל עַם וְעֵדָה, אַז דָאס וָואס אִיךְ הָאבּ דָא פְרִיהֶער גֶעלֵייעֶנְט — **אִיז פַאלְשׁ!**

**אללע.** וָואס הֶערֶען מִיר?

**אוריאל.** אִיהר מֵיינְט, נַארָאנִים, אַז מִיט די קְלֵיינֶע לִיכְטְלִיךְ קָאנְנְט אִיהר פֶערְדוּנְקְלען דָאס גְרוֹיסֶע לִיכְט פוּן דֶער זוּנן? אִיהר זֶענְט אַזוֹי וִוי פְלִיעגֶעלֶעךְ וָואס וֶוערֶען אִין אַ זוּמֶּמֶער-נַאכְט גֶעבָּארֶען אוּנ טַאקִי בַּאלְד פֶערְלָארֶען. צוּם סוֹף ווילְלְט אִיהר אוּנְזֶער גֵייסְט, אוּנְזֶער גְרוֹיסֶען פְרַייעֶן נֶפֶשׁ, צוּקָאוֶועְן צוּ פַאלְשֶׁע טוֹידְטֶע אוֹתִיוֹת, וָואס זֶענֶען בַּיי אַייךְ טְהַייעֶרֶער פוּן דֶעם אֶמֶת׳ן לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטט? נֵיין, גֶענוּג צוּ זַיין קְנֶעכְט! די קְרוֹין פוּן דֶער אֶמֶת׳ער אֱמוּנָה... דַארְף זַיין דֶער פֶערְשְׁטַאנְד, אוּנ דָארְט וְואוּ ס׳אִיז דָא אַ סָפֵק, אִיז גְלַייכֶער צוּ זוּכֶען **בְּרָכוֹת בַּיים נַייעֶם,** עֶה׳דֶער בְּלַייבֶּען בַּיים **אַלְטֶען** מִיט **קְלָלוֹת** אוּנ **חֲרָמוֹת.**

**דע-סאנטאס.** נָאר אַ דִבּוּק רֶעדְט פוּן דִיר אַרוֹיס!

**אוריאל.** אַ דִבּוּק גֶעפִינְט אִיהר אִין מִיר? נֵיין! אִיצְט בִּין

איך פייערער! פייער גאטט דיען איך! ער, וואס איז אנ-אל קנא ונוקם, וואס טרעטט מיט די פיטס די פיינד, וואס פערפאלגט זיי ביז דעם דריטטען דור — ער איז מיין גאטט, איהם דיען איך! (ער לויפט ארויס).

**דע-סילווא.** גאטט איז מיין עדות, איך בין אין דעם חלול השם ניט שולדיג!

(דער פארהאנג פאללט)

---

# פינפטער אקט.

(א גארטען ביי מנשה, שאן בעלייכטעט, אין דער טיעף שפאציערען היעדום פערשיעדענע גאסט)

## ערשטער אויפטריטט.

בן יוחאי, דע-סילווא, און גאסט.

**בן-יוחאי.** איך דאנק אייך, מיינע ליעבע פריינד, וואס מיין שמחה איז ביי אייך אזוי אנגעלעגט. אודאי איז מיין מזל אין הימעל זעהר גרויסס, אז איך האב דאס גליקק צו בעקוממען אזא בריללאנט, מיר מאגען, ברידער, טרינקען לחיים.

**דע-סילווא.** איך ווייסס ניט צו וואס קעהר איצטער דאס טרינקען, ס'איז דאך נאך קודם החופה?

**בן-יוחאי.** איך וואלט שוין גערן די חופה שטעללען, יעדע מינוט איז ביי מיר א יאהר... אט זעהט איהר,

**דע-סילווא?** פון ווייטען געהט מיין קרוין, מיין לעבען! בעטראכט זי נאר מיט מיינע אויגען! ווי קאלט איהר זענט, מוזט איהר זי בעוואונדערן. זי גלאנצט שענער פון איהר גאנץ ציערונג, פון אללע איהרע דיאמאנטען.

**דע־סילווא** איהר זענט שוין מאקי אין זיעבענטען הימעל. אודאי בין איך צו אלט, איך זאלל אייך נאך קריעגען.

---

## צווייטער אויפטריט.

די פאריגע, מנשה, אונ יהודית אין חופה־קלייד.

**בן־יוחאי.** ווארטליך אן א זייט, מוזט איהר מיר דענן ניט מודה זיין אז ווען זי זאלל מיט דער התונה ניט צופריעדען זיין, וואלט זי זיך ניט אזוי בייך אונ שאן אנגעטהון?

**דע־סילווא.** פערגעססט ניט אז א כלה טהוט זיך קיין מאל ניט אן; מען טהוט זי אן.

**יהודית.** מיין הערצליכען דאנק, בעסטע פריינדע! (צו בן־יוחאי) זענען שוין אללע ווערכסעל אונטער־געשריעבען?

**בן־יוחאי.** א, ליעבע יהודית, זיי ניט אזוי גרויזאם! אין אזא שעה ווילסטו אפפען ארויסווייזען מיט וואס איך האב מיין גליקק געקויפט...

**יהודית.** ליעבער פאטער, איך בעשוואר דיך, זאללסט מיר איצט זאגען דעם ריינעם אמת: ביסטו ווידער דער אייגענער וואס דו ביסט געוועזען?

**מנשה.** יא, מיין קינד, איך בין פאר דער וועלט דער־זעלבע מנשה וואנ־דער־סטראטען.

**יהודית.** ביסטו ווידער צוריקק אין דיין שטאנד, מיט דעם אייגענעם כבוד, מיט דעם אייגענעם נאמען?

**מנשה:** זיי רוהיג, מיין טאכטער, איך בין ווידער גליקליך, נאך מעהר גליקליך פון דעם, וואס דו האסט געטהון צו ליעב מיר... וואס איז מיר אפילו ניט ניהא...

**יהודית.** נא, אויב אזוי... קאנן מען שוין שטעללען... א חופה... (זי וויללט געהן אונ פאללט)

**מנשה:** וואס איז דיר, מיין קינד?

**ב״יוחאי.** ס'איז איהר ניט גוט.

**דע-סילווא.** נישט קשה! שרעקקט אייך ניט, לאז זי זיך דא אפאר מינוט אברוהען... געהט אללע... איך וועל שוין מיט איהר אנקוממען. (אללע געהן אוועק, אויססער דע-סילווא אונ יהודית) זעץ זיך דא אניעדער, יהודית, רוה זיך אביסעל אב!

**יהודית.** גיין, דא קאנן איך מיך ניט זעצען, איהר זעהט דען ניט אז דארטען זיצט א גייסט... א טויטער... ווי די וואנד ווייסס...

**דע-סילווא.** רעדסט מיין קינד פונ'ם זיננען.

**יהודית.** ניין, איך האב קיין טעות ניט, אט שטעהט ער פאר מיינע אויגען...

**דע-סילווא.** לאז דיך ניט אזוי אב, מע טהאר ביי זיך ניט אזוי געפאללען זיין אונ דעם קלארען שכל פערליערען, אונ בפרט ווען דו האסט זיך פאר דיין טאטען מוסר נפש געוועזען — מאגסטו דארויף בפירוש שטאלץ זיין.

**יהודית.** קאנן מען דען אבער, פעטער, שטאלץ זיין אויף טהרערען?

**דע-סילווא.** טראכט איצט גאר ניט אזוי פיעל, בערוהיג דיך פון! איהם ווייסטו דאך...

**יהודית.** יא, איך ווייס צופיעל, אונ ווייס גאר ניט...

**דע־סילווא.** האָר מיך אויס, מײַן קינד! וואָס איז געווען איז פערפאללען, מעק די גאַנצע זאַך אויס... שוין צוויי טאָג ווייסט מען ניט וואו ער איז הינגעקומען. ער פּלעגט אַלין קומען אויף דער מוטטערס קבֿר. האָט מען איהם פערטריבען פונ'ם בית עולם, איצט בלאָנקעט ער זיך אַרום. וואו ער מאַכט נאַכטיגט ער ניט, אונ פון זיין נקמה האָט זיך אויסגעלאָזט אַ חוזק...

**יהודית.** אָ, איך זאָלל נאָך דערלעבען זעהען ווי ער וועט זיך נוקם זיין אָן זיינע שונאים...

**דע־סילווא.** וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער זיך נוקם צו זיין? אויף וועמען דאַרף ער באַז זיין? אויף בן יוחאי'ס עשירות? אויף דעם היילינען חוב וואָס דו האָסט דיין טאַטען בעצאָהלט? יאָ, מאַנ'סט שטאָלץ זיין דאַרויף, מײַן קינד, איך זעה אַז דו ביסט מײַן שוועסטערס טאָכטער!

**יהודית.** (פערטראַכט זיך) זאָגט מיר נאָר, פעטער, אַז מײַן מאַמע איז געשטאָרבען, האָט דער טאַטע שטאַרק געוויינט?

**דע־סילווא.** וואָס טויגען דיר די טרויעריגע געדאַנקען? וואָס האָט מען גאָר צו רעדען פון דעם. וואָס מען קאָנן עס ניט צוריקק אומקעהרען?

**יהודית.** ניין, איך וויל וויסען ווי אַזוי האָט דער טאַטע דאָס איבער געטראָגען?

**דע־סילווא.** דיין מאַמע, עליה השלום... אַ קליינע מצבה האָט ער איהר געשטעללט?

**יהודית.** יאָ, איך געדענק אַז איך בין אַ קינד געווען, איז ביי מיר געשטאָרבען אַ ברודער...

**דע־סילווא.** איך פערשטעה ניט, וואָס דו ביסט איצט מזכיר נשמות, ווייסטו דען ניט וואָס פאַר אַ טהייערע מצבה עס שטעהט אויף דיין ברודערס קבֿר?

**יהודית.** יָא, דֶער שְׁטֵיין דֶעקְקְט אָט אַ פָּנִים אַלְלֵיינְצ
צו... זַייט גֶעזוּנְד, פֶּעטֶער...

**דע־סילווא.** נֵיין, בִּיסְט טַאקִי נִיט מִיט אַלֶעמֶען, יְהוּדִית...
וִוי אִיךְ זֶעה, בִּיסְטוּ גוּט קְרַאנְק... וָואס אִיז
דִיר?... (ער שרייעט) בְּרֶענְנְט וַואססֶער, וַואססֶער בְּרֶענְגְט
גִיכֶער!...

**יהודית.** מֶען דַארְף נִיט, ס'אִיז מִיר שׁוֹין גְרִינְגֶער...

**דע־סילווא.** מֶען מוּז אָבְלֶעגֶען דִי חוּפָּה... הָאסְט גָאר קֵיין
כֹּחַ נִיט...

**יהודית.** (צום דיענער וואס ברענגט אריין וואססער) שְׁטֶעלל דָא! (זי בעטראכט שטארק דאס וואססער) קוּמְמְט, פֶּעטֶער, גִיט מִיר אַייעֶר הַאנְד... אִיךְ הָאב נָאךְ אַזוֹי פִיעל כֹּחַ צוּ שְׁטֶעהֶען אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה... (זיי געהען אוועק).

---

## דְרִיטְטֶער אוֹיפְטְרִיט.

אוריאל קוממט אריין גאנץ פערווירט און בלאס.

**אוריאל.** אַהֶער, צוּ דִיר, יְהוּדִית, מַיין טְהַייעֶר קִינְד,
צִיעהט עֶס מִיךְ, דִיךְ צוּ זֶעהן אַצוּנְד, מִיר קְלַאפְּט
מַיין הֶערְץ, עֶס צִיטְטֶערְט שְׁטַארְק דִי בְּרוּסְט; אָ, דִיךְ צוּ זֶעהן, אִיז
מַיין לֶעצְטֶע לֶעבֶּענְס־לוּסְט. אָט זֶעה אִיךְ דֶעם גָארְטֶען פַאר מִיר,
עֶר אִיז שׁוֹין גָאר נִיט דֶער, דִיךְ צוּ טְרֶעפְפֶען דָא הָאפְף אִיךְ נִיט
מֶעהר. אָ, גֶעשְׁווִינְד אִיז גָאר דַיינֶע לִיעבֶּע אַוֶועק... גְרוֹיסס אִיז
דִי וואוּנְד, דִי צָרָה אִיז אָהן אַנ־עֶק. אָט אִיז דֶער בּוֹים, דֶער
גְרִינֶער, דָא הָאט זִי צוּם לֶעצְטֶען מָאל, מִיר לִיעבֶּע גֶעשְׁוָוארֶען!

פְרִישׁ אִיז נָאךְ דֶער וֶועהְטִיג, שְׁטַארְק אִיז מַיין שְׁמֶערְץ, עֶרְשְׁט
נִיט לַאנְג אוֹיף דֶעם אָרְט בִּין אִיךְ גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, דָא פְלֶעגְט

מיין טרייער מלאך זיך מיר בעוויזען, די אמת'ע זיסע ליעבע האב איך דא דערפיהלט. אט דא, צום ערשטען מאל, האב איך דעם תענוג געהאט, מיין שאנע בלומע דא בליהען צו זעהן... נאר קורץ איז די שמחה אינ'ם מענשענ'ס לעבען! ווי צו וואלקען איז דאס אונגליקק אויף מיין הימעל ארויף... מיין טראכטען, מיין דענקען, האט אללעם ביי מיר בערויבט, מיין גליקק איז אויף עביג אוועק... צווישען די געדיכטע צווייגען בין איך מיט איהר געזעסען, געלעבט האבען מיר אין צוקונפט אונ אללעם אויף דער וועלט פערגעססען... פריש איז נאך דער וועהטיג, איהם צו טראגען איז מיר שווער, דעם טוידט זוך איך איצט דא, לעבען וויל איך ניט מעהר. (ער דערהארט א געזאנג פון די קוליסען) הא, וואס האר איך? אט א פנים פונקט צו דער חופה בין איך אהער געקוממען?... מיט מיינע אייגענע אויגען, מוז איך נאך יהודית'ן צום לעצטען מאל דא זעהען. (ער קוקט אין די קוליסען) אט שטעהט ער דארט דער שאנער סוחר פון מענשענהערצער, אונ נעבען איהם שטעהט יהודית אין ווייסען חופה־קלייד... דאס פנים איהר'ס איז נאך אבער א סך ווייסער... (ער נעהמט ארויס א פיסטאלעט) אט, מיט איין קלאפ קאנן איך צושטארען דעם זיווג וואס מענשען האבען צונ־אויף געפאארט. אין איין רגע פיהר איך מיט דיר, בן־יוחאי, אונטער אונזער אלטען השבון... (ער ציעלט) נאר, גרויסער גאטט. וואס זעה' איך? ער האט איהר שוין דאס פינגערל אנגעטהון פערפאללען, צו שפעט... איצט בין איך שוין איבריג אויף דער וועלט... (ער נעהמט אוועק).

---

## פיערטער אויפטריט:

יהודית, בן יוחאי, נאסט און אוריאל.

**יהודית.** איך בעט אייך, לאזט מיך דא אביסעל אליין

זיפצען... מיינע געדאנקען ווערען נאך אזוי צושטערט... איך מוז צו מיר קוממען, איך וויל מיך אפאר מינוט אברוהען... געהט... איך קום באלד צוריקק...

**בן־יוחאי.** ווי שווער ס'איז מיר ניט, דאך וויל איך מיט שמחה די ערשטע בקשה פון מיין הערצענס געליעבטער יהודית ערפיללען. קוממט, מיינע ליעבע גאסט! (ער געהט אוועק מיט די גאסט).

**יהודית.** (נעהמט ארויס א פאראשאק אונ שיט אריין אין וואססער) איצט קאנן שוין געשעהען... מיין פאטער וועט זיך געפינען א טרייסט... (זי טרינקט) נאך א שאנע מצבה וועט איהם אללעס פערגנטווערען. (אוריאל קוממט ארויס).

**אוריאל.** דו ביסט עס, יהודית? ווי גליקקליך בין איך וואס איך קאנן צום לעצטען מאל זעהען מאדאם בן־יוחאי.

**יהודית.** איך בין עס, אוריאל.

**אוריאל.** ווען איך זאלל איצט דארפען אוועק פאהרען, וואלסטו מיך שוין ניט פערהאלטען ווי פריהער?... יהודית, יהודית! וואס האסטו געטהון? דיין ארעמער פריינד שטערבט איצט פאר דיר צערבראכען, צערריעבען אין שטויב! וואו איז דיין טובה, דיין כח? וואו איז דאס גרויססע פייער וואס האט אנגעצונדען מיין הערץ פון אללע זייטען? זאג, וואס קאננען מיר איצט טהון?

**יהודית.** אונזערע וועהטיגען קאנן מען ניט פערגלייכען, אבער ווער קאנן וויססען ווער פון אונז איז אונגליקקליכער?

**אוריאל.** א, ניט אומזונסט פלעג איך מיך אזוי שטאנדיג שרעקקען פאר פרויען־ליעבע! דיינע ווארטער האסט פונקט אויף דעם ארט געזאגט דעם רב קלינגען מיר

נאך אין מיטע אויערן! א גאטט, ווי ניך האט זיך אללעס פערענדערט.

**יהודית.** ביסט, מיר חאטש מוחל, מיין טהייערער פריינד?

**אוריאל.** דיר מוחל זיין — פאר וואס? האסטו דען אנדערש געקאננט טהון? פאר וואס האב איך אנדערש ניט געטהון? א, מיין קינד, זאללסט נאר קאננען וויססען, ווי שווער עס איז דעם מענשען זיך אליין צו פעראכטען. א, ווערר א גרויסער וועהטיק!

**יהודית.** דיין וועהטיק, מיין טהייערער אוריאל, קאנן נאך פערהיילט ווערען דו האסט פאר דיר נאך א גרויסע, אפפענע וועלט, דו האסט נאך גענוג כח מלחמה צו האלטען מיט'ן שקר און איבעראלל בעווייזען דיין אמת...

**אוריאל.** שוין שפעט יהודית! ווער וועט מיר איצט גלויבען? ווער וועט אננעהמען מיין אמת? ווער עס קריעכט נאר איין מאל אראב פונ'ם וועג — דער פערליערט שוין דאס צוטרויען, ער מאג אפילו בעווייזען די גראססטע נסים ונפלאות... איבערצייגען קאנן שוין קיין מאל ניט דער, וואס זאגט זיך חאטש איין מאל אב פון זיין איבערצייגונג...

**יהודית.** ניין, אוריאל, האסט א טעות! דו קאננסט נאך, דו מוזט נאך געהען מיט דיין גלייכען, גרויססען וועג! זיי בייזיך שטארק, מיין ליעבער, מיין פריינד! איך האר מען געהס... זיי געזונד...

**אוריאל.** דיין שטימע, יהודית, איז צו שוואך, דיין פנים איז צו בלאסס...

**יהודית.** זיי געזונד אויף עביג, מיין טהייערער פריינד!

**אוריאל.** וואס איז דיר, יהודית?

**יהודית.** נעה, געה, מיין פריינד, דארפסט איצט אויף מיר ניט קוקען; שפעטער וועסטו הארען...

**אוריאל.** ביסט האלב טוידט... און דאס גלאז... א, וואס פאר א שרעקקליכער געדאנק! דאס בלוט ווערדט מיר אזש פערקיהלט...

---

## פינפטער אויפטריט.

מנשה, דע־סילווא, בן יוחאי, דע־סאנטאס און גאסט.

**מנשה.** וואו איז ערגיץ יהודית?

**דע־סילווא.** אקאסטא!

**אוריאל.** זעהט וואס איז געווארען פון אייער קינד!

**מנשה.** וואס איז דיר, טאכטער? גאטט איז מיט דיר!

**יהודית.** איצט איז מיר שוין גאר גרינג.

**מנשה.** גרויסער גאטט, וואס איז דא געשעהען... זי איז אייז קאלט...

**בן־יוחאי.** (קוממט אן) נא, וואס זשע זיימט איהר זיך דארט, מיינע ליעבע געסט? דער טיש איז שוין געגרייט, וואו איז יהודית?

**אוריאל.** קומם אהער, דו נארישער סוחר, גיב א קוק: א שלעכטען מסחר האסטו געמאכט, האסט געוואללט קויפען א מענשענס הערץ מיט וועכסלען, דער חלוף איז דיר ניט געראטהען.

**בן־יוחאי.** א, גאטט! וואס זעה איך? וואס הער איך?

**אוריאל.** נא, וואס שטעהסטו אזוי, קום אהער און טרעטט מיך נאך א מאל מיט די פיסס נעבען דעם מזבח! (ער זעצט זיך אנידער צו יהודית'ס פיסס).

**מנשה.** זעהט, באטעועט זי, דע־סילווא!

**רעסילווא.** שוין שפּעט, מיין מעדיצין קאָנן שוין דאָ ניט העלפֿען.

**יהודית.** (שוואַך), מיין טהייערער אוריאל, האָסטו דענן געקאָנט דענקען אַז די וואָס דו האָסט איהר בעשאַפֿען אַ נייע נשמה, אַ הימלישע וועלט, וועט ניט וויסען ווי טריי צו בלייבען דיין ליעבע... מיין פֿאָטער האָב איך גערעטעט מיט דעם (זי רייסט זיך אַראָב דעם קראַנץ) און מאַכט דאָס לאָז איך דיר איבער צום אַנדענקען... ס'איז דיינס געווען און דיינס דאַרף עס אויף עביג בלייבען! (זי שטאַרבט).

**אוריאל.** (קושט דעם קראַנץ און לעגט איהם צוריק אויף יהודית'עס קאָפּ) שלאָף רוהיג, מיין זיסס קינד!... איך, מנשה, וויל איך ניט טראַכטען... איין חסד של אמת וויל איך נאָר ביי אייך בעטען: געבען אייער טאָכטערס קבר לאָזען אויך מיינע ביינער רוהען... איך וועל קיין קבר ניט געפֿינען, ניט צווישען יודען, ניט צווישען קריסטען... איך בין פֿון די, וואָס ענדיגען זייער לעבען אויף דעם עקק וועג... קאָנן זיין, אַז אַמאָל וועט מען געפֿינען מיין אַלטע צעבראָכענע מצבה און איימיצער וועט אפֿשר זאָגען: אָט דאָ ליעגט איין אומגליקליכער, וואָס האָט זיך זיין גאַנץ לעבען געפּלאָגט, געזוכט צו געפֿינען דעם אמת און איז געשטאָרבען אַ נאַרר... נאָר פֿאַר זיין טויט איז איהם פֿאַרט בעשערט געווען צו געניעסען דעם טעם גן עדן און זיינע קראַנקע אויגען זעהען ליכטיג געוואָרען דורך די שטראַהלען פֿון ריינער אמת'ער ליעבע... (ער ווייזט אויף יהודית'ן) וועהט ווי גרויס, ווי הייליג איז די ליעבע! איך וואַרף איצט אַוועק דעם עולם השקר, וואָס איז פֿול מיט קנאה, שנאה, נקמות און רדיפֿות... לעבט אייך און וואַרפֿט ווייטער מיט שטיינער אויף די וואָס ערלויבען זיך פֿריי אויפֿצוהעבען אַ קאָפּף, וואָס פֿרעגען זיך ניט אָן ביי אייערע רבנים. וועט זיי תּופֿסען אויף זייערע אויגען צו קודשא בריך הוא!...

פין שטיין קאנן איך מעהר ניט דערטראגען... איהר האט גוט
געווען, נאר איך בין פארט שטארקער פון אייך! איך קאנן מיר
געפינען מנוחת הנפש: עס וועט קומען א ליכטיגע צייט, וועט מען
פערשטעהען אז איך שטארב פאר דער צייט, דער פאר וואס
איך האב געלעבט פאר דער צייט! (ער שיסט זיך אוים
אונ פאללט).

דע-סאנטאס. צוויי קרבנות האט אונזערע היילינע אמונה צו
גענומען!

דע-סילווא. גענוג, רבי, ניט איצט אונ ניט דא דארפען מיר
רעדען ווער עס האט רעכט... קול דמי אחיך
צועקים, צוויי מענשען זענען געפאללען פון אונזערע האנד...
זייער טוידט ווייזט אונז אויף איין אנדער לעבען: ניט פיינד האבען,
ניט רודפען יענעם עד לחיים, נאר פריינדשאפט ליעבע דארף אונז
פערבינדען אונ זיין פאר אונז דער היילינסטער גלויבען... דער
טוידט פערדעקט אללדינג! מיר מאגען אויף זיי באמת זאגען:
הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו.

(דער פארהאנג פאללט)

